Toller, Ernst.
Hopla, mir lebn! : a prolog un 5 aktn.
Varshe, [1929].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1896.3

**Toller, Ernst, 1893-1939.**
Hoppla, wir leben!. Yiddish.
Hopla, mir lebn! : a prolog un 5 aktn / Ernst Toller ; [iberzetsung fun Daytsh L. Dasin]. Varshe : Avangard, [1929]
Varying form of title: Hopla, zyjemy!
165 p. : port. ; 21 cm.

1. German drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Dasin, L. II. Poland-Warsaw

ID : NXYH01-B21219 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /12751

Reduction ratio X 10.0

ערנסט טאָלער

# האָפּלאַ,
# מיר לעבן!

אַוואַנגאַרד / וואַרשע

ערנסט טאָלער

# האָפּלאַ, מיר לעבן!

א פּראָלאָג און 5 אַקטן

אוואנגארד / ווארשע

גרוס צוּ ערווין פּיסקאַטאַר
אוּן וואַלטער מעהרינג

אויטאַריזירטע איבערזעצוּנג פוּן דייטש
ל· דאַסין

Ernest Toller / Hopla, żyjemy! /
Wydawnictwo Awangarda / 1929
Druk. I. Hendlera Warszawa, Długa 26

## פערזאָנען פון פראָלאָג

קארל טאמאס
עווא בערג
ווילהעלם קילמאן
אלבערט קראל
פרוי מעלער
זעקסטער ארעסטאנט
אויפזעער ראנד
לייטענאנט באראן פרידריך

זעלנער / צייט : 1919

## פערזאָנען פון דער דראַמע

קארל טאמאס
עווא בערג
ווילהעלם קילמאן
פרוי קילמאן
לאטע קילמאן
אלבערט קראל
פרוי מעלער
אנד
פראפעסאר לידין
באראן פרידריך
גראף לאנדע
קריגס-מיניסטער
באנקיר
זיין זון
פיקעל
דינער אין מיניסטעריום
וועכטער פונם משוגעים-הויז
סטודענט
פריץ
גרעטע
ערשטער ארבעטער
צווייטער ארבעטער
דריטער ארבעטער
פערטער ארבעטער
מינסטער ארבעטער
אויסטארש-ריכטער
אויבערקעלנער
האטעלדינער
טעלעגראפיסט
פיקאלא
פראטאקאלאנט
ווירט פונם ארבעטער-רעסטאראן
פאליציי-קאמיסאר
ערשטער פאליציאנט
צווייטער פאליציאנט
דריטער פאליציאנט
פארזיצער פונם קלוב פון גייסטיקע ארבעטער
פילאזאף X
ליריקער Y
קריטיקער Z
וואל-פארזיצער
צווייטער בייזיצער
ערשטער אגיטאטאר
צווייטער אגיטאטאר
דריטער אגיטאטאר
ווילער
אלטע פרוי
דער ארעסטאנט N
זשורנאליסטן

דאמען, הערן, המון

קומט פאָר אין אַ סך לענדער
אַכט יאָר נאָך דעם דערשטיקן די רעוואָלוציע
צייט : 1927

## באַמערקונג פאַר דער רעזשי

אלע סצענעס פון דער דראמע דארפן געשפילט ווערן אויף א געבוי וואס איז געמאכט אין שטאקן אן אן אומבוי. דארט, וואו מען קאן נישט אויספירן די פילמישע צווישנשפילן, קאן מען זיי אדורכלאזן אדער פארבייטן מיט פשוטע ליכט-בילדער.

כדי נישט צו שטערן דעם טעמפּ פון ם ווערק, דארף מען מאכן נאר איין פויזע — נאכן 2-טן אקט.

# פילמישער פראָלאָג

ערויש: שטורעמגלאָקן

פאסן ליכטיקייט

סצענעס פון א פאלקס-אויפשטאנד

דאס באזיגן אים

די פערזאנען פון פראלאג

טויכן-אויף און פארשווינדן

# פראָלאָג

גרויסע תפיסה-קאמער

קאַרל טאָמאס

פאַרשאָלטענע שטילקייט!

אַלבערט קראָל

כאָרן-געזאַנג זיך פאַרגלוסט?

עוואַ בערג

בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן די אַריסטאָקראַטן געטאנצט מענועט צו דער גילאָטינע.

אלבערט קראָל

ראָמאַנטישער שווינדל. מ'האָט זיי געוואָלט דאָס אומ־טערוועש באַזוכן. נישט קיין אָנגענעמער ריח.

שטילקייט

ווילהעלם קילמאַן

מוטער מעלער, איר זענט אַן אלטע פרוי. תמיד נאָך איר שווייגט אָדער איר לאַכט... האָט איר גאָר קיין מורא נישט פאַר דעם... פאַר דעם?... מוטער מעלער רוקט זיך צו איר צו עס ווארפט מיך פון היץ אין די ביינער, און דאָס האַרץ נעמט מיר אַרום אַן אייזיקער רינג... פאַרשטייט. איך האָב פרוי און קינד... מוטער מעלער, ס'איז מיר אַזוי שרעקלעך...

פרוי מעלער

רויק, מיין יונג, רויק, דאָס זעט נאָר אויס אַזוי שלעכט, ווען מען איז נאָך יונג. שפּעטער פאַרטעמפּט עס זיך. לעבן און טויט — דאָס פליסט אינייינעם. פון איין שויס קומסטו, צו דער אנדערער גייסטו...

ווילהעלם קילמאַן

גלייבט איר אין אַ לעבן דאָרטן?

פרוי מעלער

ניין, לאָז אָפּ. דעם גלויבן האָבן מיר די לערער אויסגעוואָרצלט.

ווילהעלם קילמאַן

קיינער קומט נישט צו אייך. פאַרלאַנגט איר דאָס נישט?

פרוי מעלער

מיין אַלטן און מיינע ביידע יונגען האָבן זיי מיר אין מלחמה צוגערויבט. עס טוט שטאַרק וויי, אָבער איך בין זיכער — ס'וועלן קומען אנדערע צייטן. און עס זענען טאַקע געקומען. פאַרשפּילט... וועלן אַנדערע קעמפן...

שטילקייט

קאַרל טאָמאַס

הערט זיך איין! איך האָב עפּעס געזעען!

עווא בערג

וואָס?

קאַרל טאָמאַס

ניין, רוקט זיך נישט צענויף. די גלאָז־אויגן פונם שפּיצעל... מיר קאָנען אַנטלויפן.

אַלבערט קראָל

וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

קאַרל טאָמאַס

גיט אַ קוק אויפן פענסטער. דער קאַלך לעבן דעם אייזן איז אָפּגעבראָכן.

אַלבערט קראָל

יאָ, טאַקע.



קאַרל טאָמאַס

זיצט דען נישט דאָס גרויסע קאַלכשטיק געגוג פעסט?...

אַלבערט קראָל

זיכער.

קאַרל טאָמאַס

איר זעט?

עווא בערג

יאָ, יאָ, קינדער, משוגע צו ווערן.

פרוי מעלער

יאָ, גערעכט.

ווילהעלם קילמאַן

ס'האָט מסתמא עמעצער פון דרויסן זיך געוואָלט צוקריגן צו דער בודע.:. געווען נאָנט פון ציל... נאַ, כ'ווייס נישט..

פרוי מעלער צו ווילהעלם קילמאַן

וואָס, מורא אַביסל

ווילהעלם קילמאַן

יאָ, אָבער...

קאַרל טאָמאַס

ווי קומט דאָ אָבער?

אַלבערט קראָל

איר ווייסט, אַז איך בין נישט לייכטזיניק. ס'איז דאָך פאָרט נאַכט. ווי שפּעט?

קאַרל טאָמאַס

ס'האָט נאָר וואָס געשלאָגן פיר.

אַלבערט קראָל

איז, הייסט עס, די וואַכן האָבן זיך שוין געטוישט. מיר ליגן אויפן ערשטן שטאָק. בלייבן מיר, אַזוי קאָנען מיר זיך גוט־מאָרגן זאָגן אין ברודער־קבר. פליען מיר — שאַנסן צען אויף הונדערט. און ווען אפילו איינס אויף הונדערט — מוזן מיר וואַגן

ווילהעלם קילמאַן

און טאָמער נישט...

קארל טאמאס

טויט — אזוי צי אזוי. דו, אלבערט, שפאנסט מיט פאראדנמארש, זעקס טריט אהין און צוריק, כסדר. פון פענסטער ביז דער טיר. אזוי ארום וועסטו דאס אקסן-אייגל פארשטעלן אויף סעקונדן, און דעם דרויסן וועט נישט זיין אויפפאלנדיק.ביים פינפטן מאל שפרינג איך אראפ אין פענסטער אריין, ברעך מיטן גאנצן כוח אראפ דאס אייזן און דאן — אדיע, ברודערקע.

עווא בערג

איך שריי! קארל, איך וועל דיך דערקושן צום טויט.

אלבערט קראל

שטעטער.

קארל טאמאס

לאז זי. זי איז דאך אזוי יונג.

אלבערט קראל

דער ערשטער שפרינגט ארויס קארל, די צווייטע — עווא, דאן נעמט ווילהעלם די מוטער מעלער, הייבט זי אויף אינדערהייך.

ווילהעלם קילמאן

יא, יא... איך מיין אבער...

פרוי מעלער

לאזט אים פריער... מיר דארף קיינער נישט העלפן. איך נעם עס מיט אייך אלעמען גלייך.

אלבערט קראל

רעד נישט. דו גייסט פריער, דערנאך ווילהעלם, צולעצט איך.

ווילהעלם קילמאן

און אז די פליטה וועט נישט געלינגען. לאמיר עס בעסער באטראכטן.

אלבערט קראל

אויב די פליטה וועט נישט געלינגען...



קארל טאמאס

קאן מען דען וויסן, צי די פליטה געלונגט? מען מוז וואגן, חבר! א רעוואלוציאנער, וואס וואגט נישט! האסט עזאלט בלייבן ביי דער מאמען קאווע טרינקען און נישט גיין אויף באריקאדן.

ווילהעלם קילמאן

נאכהער וועלן מיר אלע זיין פארלוירן. קיין שום האפענונג נישטא מער.

קארל טאמאס

האפענונג, צום טייוול! צו וואס האפענונג? דער טויט-אורטייל איז שוין ארויסגעטראגן. זינט צען טעג ווארטן מיר אויפן טויט.

פרוי מעלער

נעכטן אוונט האבן זיי זיך געפרעגט אויף די אדרעסן פון אונזערע קרובים.

קארל טאמאס

צו וואס, אלזא, האפענונג? איין שאס, און אז ער טרעפט שלעכט, פאר א צולאג א זעץ אין מוח. גוטער זיג אדער גוטער טויט — זינט יארהונדערטער האט די לאזונג נישט פארראטן.

ווילהעלם קילמאן *שרומפט זיך איין*

קארל טאמאס

אדער... האסטו געבעטן חסד? דאן שווער כאטש, אז וועסט שווייגן.

ווילהעלם קילמאן

פארוואס דערלאזט איר, אז ער זאל מיך באליידיקן? האב איך נישט געארבעט טאג און נאכט? זינט פופצן יאר ברענג איך זיך אום פאר דער פארטיי, און היינט מוז איך צוהערן אזעלכע זאכן. מיר האט מען קיין פרישטיקן צום בעט נישט צוגעטראגן.

פרוי מעלער

ייט שטיל ביידע

**קארל טאָמאַס**

פאַרשטיי — ס'איז דאָך שטאַנדגעריכט. זיי זאָלן אונז דעם טויט אורטייל מבטל מאַכן — פּרוּוו שלאָג אין אַ בעטאָנענער וואַנט, גלייבסטו, אַז זי וועט קאָנען קלינגען, ווי אַ גלאָק?

**אַלבערט קראָל**

געג׳ג! אַלע זענען גרייט? עוואַ, דו ציילסט. אַכטונג געבן, קאַרל... ביים פינפטן מאָל...

*אַלבערט קראָל הייבט אָן צו שפּאַנען אַהין און צוריק, פון פענצטער צו דער טיר, פון טיר צום פענצטער. אַלע געשפּאַנט.*

**עוואַ בערג**

איינס... צוויי... דריי.

**קאַרל טאָמאַס** *שלייכט זיך צום פענצטער*

**עוואַ בערג**

פיר...

*גערויש הינטער דער טיר. טיר פּראַלט אויף.*

**אַלבערט קראָל**

פאַרשאָלטן!

*אַריין אויפזעער ראַנד*

**אויפזעער ראַנד**

פאַרלאַנגט עמעצער דעם גלח?

**פרוי מעלער**

שעמען זאָל זיך יענער.

**אויפזעער ראַנד**

פאַרזינדיקט זיך נישט, אַלטע פרוי. וועט באַלד שטיין פאַר אייערע ריכטער.

**פרוי מעלער**

די ווערעם זענען קאָנפעסיאָנסלאָז. האָב איך געלערנט. זאָגט דאָרט אייער גלח, אַז יעזוס האָט די טוישער און וואוכע־רער מיט בייטשן אַרויסגעטריבן פון טעמפּל. דאָס מעג ער זיך אין זיין ביבל אָנשרייבן, אויף דער ערשטער זייט.



**אויפזעער ראַנד** *צום זעקסטן אַרעסטאַנט, וואָס ליגט אויף רעך פּריטשע*

און איר?

**זעקסטער אַרעסטאַנט** *שטיל*

אַנטשולדיקט, חברים... איך בין פון דער קירך אַרויסגעטרעטן מיט זעכצן יאָר צוריק... אַצינד... פאַרן טויט... אַ מורא... פאַרשטייט מיך, חברים... יאַ, איך וויל צום גייסטלעכן, הער אויפזעער.

**אילהעלם קילמאַן**

רעוואָלוציאָנער! הויזנשייסער! צום גייסטלעכן! ליבער גאָט, מאַך מיך פרום, אַז איך אין דעם הימל קום.

**פרוי מעלער**

ווילכטו אָט דעם אָרעמען טייוול, נעבעך, מאַכן פאַר־וואָרפן?

**אַלבערט קראָל**

פאַרן טויט... לאָז אים.

**ווילהעלם קילמאַן**

איך וויל נאָר מיין מיינונג זאָגן.

*ויפזעער און זעקסטער אַרעסטאַנט אָפּ. טיר ווערט צוגעשלאָסן.*

**אַלבערט קראָל**

וועט ער אונז נישט פאַרראַטן?

**קאַרל טאָמאַס**

ניין.

**אַלבערט קראָל**

אַכטונג! אַצינד מוז ער גיין מיט יענעם, ער קאָן דע־ריבער נישט שפּיאָנירן. קאַרל, הייב אָן, איך העלף דיר. דאָ, אויף מיין אַקסל...

*אַלבערט בייגט זיך איין. קאַרל קריכט אַרויף אויף אַלבערטס אויסגע־קרומטן רוקן. אַזוי ווי נאָר ער שטעקט צו ביידע הענט צום פענסטער־ראַנד, די זיך אַנצוכאַפּן אָן דער קראַטע,*

*קנאַקט*

*פון אונטן געווער*

שטיקלעך גלאז און קאלך פליען אין קאמער אריין

קארל טאמאס שפרינגט אראפ פון אלבערט קראלס רוקן. אלע שטייען פארשטארט.

**אלבערט קראל**

ביסט פארוואונדעט?

**קארל טאמאס**

ניין. וואס איז דא געווען?

**אלבערט קראל**

קיין שום באזונדערס. זיי באוואכן אונזער פענצטער, קליינע קאמפאניע.

**עווא בערג**

דאס... הייסט...?

**פרוי מעלער**

זיך גרייט מאכן, קינד מיינס.

**עווא בערג**

צום... צום טויט...?

אלע שווייגן

**עווא בערג**

ניין... ניין... שלוכצערט, וויינט

**פרוי מעלער**

גייט צו איר, גלעט זי

**אלבערט קראל**

וויין נישט, מיידל. מיר, רעוואלוציאנערן, זענען טויטע אויף אורלויב, האט אמאל איינער געזאגט.

**קארל טאמאס**

לאז זי, אלבערט. זי איז יונג, קוים זיבעצן יאר. פאר איר הייסט טויט דאס קאלטע, שווארצע לאך, אין וועלכן זי מוז אייביק ליגן. און איבער איר קבר — ווארעם לעבן, באוישנדיק, פארביק און זיס.

קארל טאמאס לעבן עווא בערג

**קארל טאמאס**

דיינע הענט.



**עווא בערג**

דו.

**קארל טאמאס**

איך האב דיך זייער ליב, עווא.

**עווא בערג**

וועלן זיי אונז צוזאמען באגראבן, אז מיר זאלן זיי בעטן וועגן דעם?

**קארל טאמאס**

אפשר.

אלבערט קראל שפרינגט אויף

**אלבערט קראל**

פארשאלטענע פיין! פארוואס קומען זיי נישט! איך האב אמאל געלייענט, אז די קעץ פייניקן די מייז אזוי לאנג, מחמת זיי זענען געשמאקער אין טויט-שרעק. מיר האבן אויך מסתמא א ספעציעלן געשמאק. פארוואס קומען זיי נישט? פארוואס קומען נישט די הינט?

**קארל טאמאס**

יא, צוליב וואס קעמפן מיר? וואס ווייסן מיר? פאר דער אידייע, פאר יושר — זאגן מיר. קיינער האט נאך נישט אזוי טיף געגראבן אין זיך, כדי פאר דעם לעצטן נאקעטן גרונט צו בייגן דעם קאפ. אויב — ס'איז פאראן א לעצטער גרונט.

**אלבערט קראל**

כ'פארשטיי נישט. אז די געזעלשאפט, אין וועלכער מיר לעבן, ציט פון אונזערע הענט דעם שווייס ארויס, האב איך שוין געוואוסט צו זעקס יאר, ווען איך פלעג פארטאג זעקס אזייגער אויפגעריסן ווערן פונם בעט, כדי זעמל צו פונאנדערטראגן. און וואס סימוז געשען, כדי מיט אט דעם אומרעכט א סוף צו מאכן, האב איך שוין געוואוסט פריער, איידער כ'האב געקאנט אויסרעכענען, וויפיל צען מאל צען איז...

קאַרל טאָמאַס

קוק זיך אַרום, ווער עס שטופּט זיך אַלץ צו דער אידייע, אין דער רעוואָלוציע, אין מלחמה. איינער אַנטלויפט פון דער פרוי, מחמת זי מאַכט אים די שטוב פאַר אַ גיהנם. דער אַנדערער געפינט נישט זיין וועג אין לעבן און בלאָנדזשעט, ביז ער געפינט אַ בלענדפייער, וואָס זעט אויס וואונדערלעך און גיט אים אַביסל העלדגשיין. דער דריטער גלייבט, אַז ער וועט קאָנען מיט איין זעץ ענדערן זיין הויט, וואָס איז אים נמאס געוואָרן. דער פערטער זוכט אָנרעגונג. ווייניק זענען פאַראַן וואָס טוען עס פון אינער-לעכן צוואַנג.

געוויש. מיר פראַלט אויף. אַריין זעקסטער אַרעסטאַנט. שטילקייט

זעקסטער אַרעסטאַנט

האָט איר אויף מיר פאַריבל, חברים? איך בין נישט געטויפט, חברים... אָבער... עס באַרויקט..

קאַרל טאָמאַס

איש-קריות!

זעקסטער אַרעסטאַנט

אָבער, ליבע חברים...

אַלבערט קראָל

ווידער נאָך נישט דער סוף! ווידער וואַרטן! רייכערן ווילט זיך מיר, האָט נישט קיינער קיין שטיקל פּאַפּיראָס?

אַלע זוכן אין די קעשענעס

אַלע

ניין.

קאַרל טאָמאַס

וואַרט... חירקלעך... איך האָב אַ פּאַפּיראָס.

אַלע

אַהער! אַהער!

אַלבערט קראָל

שוועבעלעך?



ווילהעלם קילמאַן

איך האָב איינס.

אַלבערט קראָל

מוזן מיר זיך טיילן, פאַרשטייט זיך.

ווילהעלם קילמאַן

טאַקע?

צוואַבערג

יאָ, ביטע.

קאַרל טאָמאַס

מיין חלק קאָן קריגן עמא.

פרוי מעלער

מיינעם אויך.

צוואַבערג

ניין, יעדער אַ ציי.

אַלבערט קראָל

גוט. ווער הייבט אָן?

צוואַבערג

אַ גורל.

אַלבערט קראָל צערייסט אַ נאָז-טיכל אויף שטיקלעך

ווער ס'וועט אַרויסציען דאָס קלענסטע שטיקל.

אַלע ציען

אַלבערט קראָל

מוטער מעלער הייבט אָן.

פרוי מעלער

גוט רייכערט אַצינד קומסט? גיט דעם פּאַפּיראָס ווילהעלם קילמאַנען

ווילהעלם קילמאַן

דאַכט זיך, אַז קיינער וועט אונז נישט כאַפּן.

אַלבערט קראָל

וואָס וועלן זיי אונז טון? פיר וואָכן איינצלקאַמער! האַ-האַ-האַ.

אַלע רייכערן, יעדער איין צי. קוקן זיך שאַרף אַן.

**אלבערט קראָל**

קאַרל, דו דאַרפסט נישט רייכערן קיין צוויי צי.

**קאַרל טאָמאַס**

רעד נישט אַזוי גראָב.

**אַלבערט קראָל**

האָב איך דען געזאָגט ליגן?

**קאַרל טאָמאַס**

יאָ.

**ווילהעלם קילמאַן** צו אלבערטן

דו האָסט אַ סך לענגער געזויגן פון אונז.

**אַלבערט קראָל**

פאַרמאַך דאָס מויל, פחדן.

**ווילהעלם קילמאַן**

פחדן רופט ער מיך.

**אַלבערט קראָל**

וואו ביסטו פאַרקראָכן אין די טעג פון דער אַנטשיידונג? וואו האָסטו דיין געזעס באַהאַלטן, ווען מיר האָבן געשטורעמט דאָס ראָטהויז — אין רוקן פון שונא, פאַר אונז דער ברודער־קבר? וואו האָסטו זיך פאַרשטעקט?

**ווילהעלם קילמאַן**

האָב איך נישט גערעדט צו די מאַסן פונם באַלקאָן פון ראָטהויז?

**אלבערט קראָל**

יאָ, ווען מיר האָבן שוין געהאַט די מאַכט. פריער נישט פאַר, נישט קעגן. דאַן — מיט דיין הינטן צו דער שיסל.

**קאַרל טאָמאַס** צו אלבערט קראָל

דו האָסט נישט קיין רעכט אַזוי צו רעדן.

**אַלבערט קראָל**

בירגערזינדל!

**פרוי מעלער**

גענוג'ט אייך צו אמפערן, פינף מינוט פאַר דער מויער...



**ווילהעלם קילמאַן**

פחדן רופט ער מיך! איך האָב פופצן יאָר...

**אַלבערט קראָל** קרימט אים נאָך

פופצן יאָר... מנוול... נישט קיין גרויסער כבוד מיט אייך צוזאַמען צו ליגן אין איין קבר.

**עוואַ בערג**

פוי!

**קאַרל טאָמאַס**

יאָ, פוי!

**אַלבערט קראָל**

וואָס פוי! לייג זיך מיט דיין האַר אין ווינקל און מאַך איר אַ קינד. עס וועט דערנאָך ארויסקריכן אין קבר און זיך שפּילן מיט די ווערעם.

עווא בערג ברילט אויף. קארל טאמאס שפּרינגט צו אלבערט קראלן

**זעקסטער אַרעסטאַנט** שפּרינגט אויף

פאָטער אין הימל, אַזוי איז דיין רצון?

אזוי ווי זיי כאַפּן זיך ביידע ביי די גארגלען, גערויש. טיר פּראלט אויף. זיי לאזן זיך אפּ

**אויפזעער ראַנד**

באַלד קומט הער לייטענאנט, איר מוזט זיך צוגרייטן אפּ.

אלבערט קראל גייט צו צו קארל טאמאס, נעמט אים ארום.

**אַלבערט קראָל**

מען ווייסט גאָרנישט וועגן זיך, קאַרל. דאָס בין איך נישט געווען, דאָס בין איך נישט געווען. גיב מיר דיין האַנט, קליינע עוואַ.

**קאַרל טאָמאַס**

זינט צען טעג וואַרטן מיר אויפן טויט. דאָס האָט אונז פאַרסמט.

גערויש. טיר פּראלט אויף. אריין: לייטענאנט מיט זעלנער

**לייטענאַנט באַראָן פרידריך** צו אלבערט קראל

שטעלט זיך אויף. אין נאָמען פון פּרעזידענט. דער

טויט-אורטייל איז שוין אריין אין קראפט פויזע אלס סימן
פון זיין חסד און פון זיין ווילן צו מחילה האט דער פרע-
זידענט דעם אורטייל אפגעשאפט.
די פאראורטיילטע בלייבן אין ארעסט און ווערן גלייך אי-
בערגעפירט אין אינטערנירונגס-לאגער.
מיט דער אויסנאם פון ווילהעלם קילמאן.

**קארל טאמאס**

לאכט ווילד ארויס

**עווא בערג**

לאכסט אזוי מוראדיק, קארל.

**פרוי מעללער**

פון שמחה.

**לייטענאנט באראן פרידריך**

לאכט נישט, מאן.

**עווא בערג**

קארל! קארל!

**אלבערט קראל**

ער לאכט נישט אויף קאטאוועס

**פרוי מעלער**

גיט אויף אום א קוק. ער איז דאך משוגע געווארן.

**לייטענאנט באראן פרידריך** צום אויסזעער

פירט אים אוועק צום דאקטאר.

קארל טאמאס ווערט אפגעפירט. עווא בערג באגלייט אים

**אלבערט קראל** צו ווילהעלם קילמאן

דו אליין בלייבסט. זיי מיר מוחל, ווילהעלם. מיר
ווען דיך נישט פארגעסן.

**פרוי מעלער** ביים ארויסגיין צו אלבערט קראל

חסד. ווער זאל זיך ריכטן, אז אט די הערן פילן זיך
אזוי שוואך.

**אלבערט קראל**

שלעכטער סימן. ווער זאל זיך ריכטן, אז די הערן פילן
זיך אזוי שטארק.



אלע ארויס, אחוץ באראן פרידריך און ווילהעלם קילמאן

**לייטענאנט באראן פרידריך**

דער פרעזידענט האט אייער גנאד-בקשה גוטבאוויליקט
ער גלייבט אייך, אז איר האט זיך קעגן אייער ווילן
געפונען אין די רייען פון די מורדים. איר זענט פריי.

**ווילהעלם קילמאן**

דאנק אונטערטעניקסט, הער לייטענאנט.

פארהאנג

## פילמיש צווישנשפּיל

הינט. דער בינע

כאָר שאלט ריטמיש אויף, ווערט ריטמיש שטיל:
צום נייעם יאר! צום נייעם יארן!
עקסטראבלאט! עקסטראבלאט!
גרויסע סענסאציע!
עקסטראבלאט! עקסטראבלאט!
גרויסע סענסאציע!

**אויפן עקראן**

סצענעס פון די יארן 1919-1927
**צווישן די בילדער**
קאַרל טאמאס אין שפּיטאל-כאלאט גייט אהין און
צוריק אין משוגעים-הויז

**1919**

ווערסאלער טראקטאט

**1920**

אומרוען אויף ניו-יארקער בערזע
מענטשן ווערן משוגע

**1921**

פאשיזם אין איטאליע

**1922**

הונגער אין ווין
מענטשן ווערן משוגע

**1923**

אינפלאציע אין דייטשלאנד
מענטשן ווערן משוגע

**1924**

לענינס טויט אין רוסלאנד
צייטונגס-נאטיץ: היינט ביינאכט איז גע-
שטארבן פרוי לואיזע טאמאס...

**1925**

גאַנדי אין אינדיע

**1926**

קאמפן אין כינע
פארטערענץ פון אייראפעאישע דיפלאמאטן

**1927**

ציפערבלאט פון א זייגער
די ווייזער רוקן זיך פאראויס תחילת לאנגזאם...
דערנאך גיכער און גיכער...
גערויש: זייגערס

# ערשטער אַקט

## ערשטע סצענע

גאַלעריע אין אַ שוגעים-הויז
ביי דער שאַנק שטייט דער וועכטער
ביים פאַרקראַטעטן פענסטער — פּראָפעסאָר לידין

**וועכטער**

איין פּאָר גרויע הויזן. איין פּאָר וואָלענע זאָקן... קיין
אונטערוועש האָט איר נישט געברענגט מיט זיך?

**קאַרל טאָמאַס**

איך הייס נישט.

**וועכטער**

אַזוי. אַ שוואַרצע וועסט. אַ שוואַרצער ראָק. איין פּאַר
פּאַנטאָפל. קיין הוט נישטאָ.

**פּראָפעסאָר לידין**

און געלט?

**וועכטער**

גאָרנישט, הערר דאָקטאָר.

**פּראָפעסאָר לידין**

קרובים?



**קאַרל טאָמאַס**

מ'האָט מיר נעכטן מודיע געווען, אַז מיין מוטער איז פאַר
דריי יאָרן געשטאָרבן.

**פּראָפעסאָר לידין**

וועט אייך שווער זיין. הארט איז דאָס לעבן היינט. מען
מוז מיטן עלנבויגן שטויסן. נישט מיאש זיין זיך. די
צייט לערנט.

**וועכטער**

טאָג פון אויסשרייבן — 8 מאַי 1927.

**קאַרל טאָמאַס**

ניין!

**פּראָפעסאָר לידין**

פּאָרט אַזוי.

**קאַרל טאָמאַס**

1927?

**פּראָפעסאָר לידין**

יאָ. אַכט יאָר ביי אונז אין אַנשטאַלט געקליידט,
געשפּייזט, געהיילט. ס'האָט אייך גאָרנישט גע-
פעלט. איר מעגט שטאָלץ זיין: אין אייך האָבן מיר גע-
האַט אַ מערקווירדיקן קלינישן עקזעמפּלאַר.

**קאַרל טאָמאַס**

אַזוי ווי אויסגעלאָשן. דאָך... אָן עפּעס דערמאָן איך זיך...

**פּראָפעסאָר לידין**

אָן וואָס?

**קאַרל טאָמאַס**

אַ וואַלד-שפּיץ. ווי זיילן, ציען זיך ביימער אין הימל
אַריין. בוקן-ביימער. דער וואַלד שימערירט גרין. מיט
טויזנט קליינע זונען. זייער צאַרט. מיר ווילט זיך זייער
שטאַרק אַריינגיין. ס'איז מיר נישט געלונגען. די שטאַ-
מען האָבן זיך בייז געוויגט, צוריקגעוואָרפן מיך, ווי
אַ גומענעם באַלעם.

פראָפעסאָר לידין

שטייט! ווי אַ גומענעם באַלעם. אינטערעסאַנטע אסאָציאַציע. זייט אויפמערקזאַם, אייערע נערוון קאָנען שוין פאַרטראָגן דעם אמת. דער וואַלד: די קאַמער. די ביימערשטאַמען — גומענע ווענט פון בעסטן מין. יאָ, אך דערמאַן מיך, איין מאָל אין יאָר פלעגט איר אָנהויבן צו וואַרפן זיך. מען פלעגט אייך מוזן איזאָלירן. תמיד דעם זעלביקן טאָג. אַן אינטערעסאַנטע קלינישע דערשיינונג.

קאַרל טאָמאַס

וועלכן טאָג?

פראָפעסאָר לידין

דעם טאָג, ווען... נו, איר ווייסט דאָך.

קאַרל טאָמאַס

אין טאָג פון דער באַגנעדיקונג...

פראָפעסאָר לידין

איר געדענקט אַלץ?

קאַרל טאָמאַס

יאָ.

פראָפעסאָר לידין

דערפאַר זענט איר טאַקע אויסגעהיילט.

קאַרל טאָמאַס

מינוטן וואַרטן אויפן טויט... אָבער צען טאָג. צען מאָל פיר און צוואַנציק שעה. יעדע שעה זעכציק מינוט. יעדע מינוט זעכציק סעקונדן. יעדע סעקונדע איז אַ מאָרד. פערצנהונדערט און פערציק מאָל דערמאָרדעט אין איין טאָג. די נעכט!... איך האָב פיינט געקריגן די באַגנעדיקונג. איך האָב פיינט דעם פרעזידענט! נאָר אַ שווינדלער קאָן אַזוי האַנדלען...

פראָפעסאָר לידין

רויק, רויק. איר דאַרפט זיין זייער דאַנקבאַר. דאָ ווערן שטאַרקע ווערטער נישט גענומען פאַר אומגוט. אָבער דרויסן... איר וואָלט שוין ווידער געקריגן אַ יאָר תפיסה



פאַר באַליידיקן דעם ערשטן בירגער פון דער מלוכה. זייט פאַרשטענדיק. איר דאַרפט עס שוין האָבן גענוג.

קאַרל טאָמאַס

איר מוזט אַזוי רעדן, ווייל איר געהערט צו די הערן.

פראָפעסאָר לידין

גענוג גערעדט. אַז איר זענט געווען אין משוגעים־הויז, דאַרף אייך נישט דערנידעריקן. אייגנטלעך זענען ס'רוב מענטשן משוגע. וואָלט איך אונטערזוכט טויזנט מענטשן, אַזוי וואָלט איך געמוזט ניינהונדערט ניינאונניינציק אָננעמען דאָ.

קאַרל טאָמאַס

פאַרוואָס טוט איר דאָס נישט?

פראָפעסאָר לידין

די מלוכה האָט נישט קיין אינטערעס אין דעם. פאַרקערט, מיט איין קליינער פּאָרציע משוגעת זענען די מענטשן גוטע מענער צו זייערע ווייבער. מיט צוויי פּאָרציעס ווערן זיי סאָציאַל רייף... קיין נאַרישקייטן טוט נישט. איך בין אויסן אייער טובה גייט צו איינעם פון אייערע פריינד.

קאַרל טאָמאַס

וואו קאָנען זיי זיין?...

פראפעסאר לידין

איר זענט דאָך געווען עטלעכע אין דער קאַמער?

קאַרל טאָמאַס

פינף. נאָר איינער איז נישט באַגנעדיקט געוואָרן, ווילהעלם קילמאַן האָט ער געהייסן.

פראָפעסאָר לידין

ער איז נישט באַגנעדיקט געוואָרן? האַ האַ האַ! ער האָט עס געמאַכט אַ פיינע קאַריערע! קליגער פון אייך!

קאַרל טאָמאַס

איך פאַרשטיי אייך נישט.

פראָפעסאָר לידין

איר וועט מיך שוין פאַרשטיין. גייט צו איר. ער קאָן אייך

העלפן. אויב ער זאָל נאָר וועלן אייך העלפן. אויב ער
זאָל נאָר וועלן אייך קענען.

קאַרל טאָמאַס

ער לעבט נאָך?

פּראָפעסאָר לידין

איר וועט נאָך דאָ זען אַ נס. אויסגעצייכנטער רעצעפּט
פֿאַר אייערטוועגן. מעדיציניש האָב איך אייך געהיילט, פֿון
אייער אידייען-שגעון זאָל אייך יענער אויסהיילן. גייט אין
אינערן-מיניסטעריום און פֿרעגט זיך אויף הערר קילמאַן.
אַ גליקלעכן וועג.

קאַרל טאָמאַס

אַ גוטן טאָג, הער דאָקטאָר, אַ גוטן טאָג, הער וועכטער...
עס שמעקט דאָ אַזוי שטאַרק מיט בעז... אַך, יאָ, פֿרילינג
אמת, דרויסן פֿאַרן פֿענסטער וואַקסט אמתדיקער בוק...
נישט קיין גומענע ווענט...

קאַרל טאָמאַס אָפּ.

פּראָפעסאָר לידין

געמיינער פּעבל.

זוגק

# פילמיש צווישנשפּיל

## גרויסע שטאָט 1927

טראַמווייען

אויטאָס

אונטערערדישע באַנען

אַעראָפּלאַנען

## צווייטע סצענע

צוויי צימערן: פאדערצימער פון מיניסטער, ארבעטצימער פון מיניסטער נאכן אויפהייבן דעם פארהאנג, זעט מען ביידע צימערן. דאס צימער, אין וועלכ מען רעדט נישט, בלייבט טונקל.

אין ארבעט צימער

**ווילהעלם קילמאן**

איך האב אייך געלאָזט רופן.

**עווא בערג**

ביטע.

אין פאדער צימער

**באַנקירס זון**

וועט ער דיך דען אָננעמען? ער האָט דאָך דיך נישט איינגעלאדן.

**באַנקיר**

מיך וועט ער נישט אָננעמען! זאָל ער זיך נאָר דערוועגן.

**באַנקירס זון**

מיר מוזן האָבן די קרעדיטן — סכנות.

**באַנקיר**

פאַרוואָס צווייפלסטו?

**באַנקירס זון**

ווייל ער האָט ביידע מאָל אָפּגעוואָרפן אונזער ווענ-דונג.



**באַנקיר**

איך האָב צו נאַריש געהאַנדלט.

אין ארבעטצימער

**ווילהעלם קילמאן**

איר געהערט צום עקזעקוטיוו פונם פאַרבאנד פון פרויען-באַאמטע?

**עווא בערג**

יאָ.

**ווילהעלם קילמאַן**

איר אַרבעט אַלס סעקרעטאַרין אין פינאנס-אַמט?

**עווא בערג**

יאָ.

**ווילהעלם קילמאן**

זענט צוויי חדשים האָט אייער נאָמען געשפּילט אין די פּאָליציי-באַריכטן אַ גאַנץ חשובע ראָל.

**עווא בערג**

איך פאַרשטיי נישט.

**ווילהעלם קילמאַן**

איר העצט די אַרבעטערנס אין די כעמישע פאַבריקן נישט צו אַרבעטן קיין איבערשעהן?

**עווא בערג**

איך קעמף פאַר די רעכט, וואָס עס גיט מיר די קאָנס-טיטוציע.

**ווילהעלם קילמאן**

די קאָנסטיטוציע איז געשאַפן פאַר רויקע צייטן.

**עווא בערג**

לעבן מיר דען נישט אין רויקע צייטן?

**ווילהעלם קילמאן**

די מלוכה קען זעלטן רויקע צייטן.

אין פאדערצימער

**באַנקיר**

די פראגע מוז געלייזט ווערן נאָך פאַרן אויסגיין פון דער

אַלטער טאַריף. צוויי איבער-שעהן — ענטוועדער-אָדער.

באנקירס זון

די פאַריינען האבן באשלאָסן זיך פעסט צו האלטן אָנם אכט-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג.

באַנקיר

וואָס ס'איז גוט פאַר דער מלוכה, איז אויך אָננעמבאַר פאַר דער שווער-אינדוסטריע.

באנקירס זון

מען וואלט געמוזט אויף אזא אופן רעדוצירן א האלבן מיליאן אַרבעטער.

באַנקיר

און אַז אפילו. מען וואָלט צוויי האָזן געשאָסן מיט-אמאל: איבערשעהן און לוין-קירצונג.

*אין ארבעטצימער*

עווא בערג

איך בין — קעגנערין פון מלחמה. וואלט איך געהאט די מאכט, וואלטן די פאַבריקן געשטאנען שטיל. וואָס מאַכן זיי? גיפטיקן גאַז!

ווילהעלם קילמאַן

אייער פערזענלעכע מיינונג אינטערעסירט מיך נישט. איך האָב אויך פיינט מלחמה. איר קענט אָט דאָס פלוג-בלאָט? זענט איר די פאַרפאַסערן דערפון?

עוואַ בערג

יאָ.

ווילהעלם קילמאַן

איר האָט באַשרוטן אייער חוב, אַלס מלוכה-באַאַמטע.

עוואַ בערג

ס'איז געווען אַ צייט, ווען איר האָט אויך דאָס זעלבע געטון.

ווילהעלם קילמאַן

מיר פילן אַן אַמטלעכן פאַרדרוס, פריילן.



עוואַ בערג

אַמאָל האָט איר...

ווילהעלם קילמאַן

האַלט זיך אין דער קעגנוואַרט. איך האָב דעם חוב צו זאָרגן וועגן אָרדענונג... ליבע פריילן בערג, זייט קלי-גער. איר ווילט זיך דוקא איינעקשענען? די מלוכה האָט נאָך אַלץ אַ האַרטן שאַרבן. איך פאַרלאַנג נישט פון אייך קיין שלעכטס. מיר מוזן האָבן די איבערשעהן. אייך פעלט דאָס פּראַקטישע וויסן. ס'איז מיר זייער פיינלעך, קעגן אייך צו האַנדלען. איך קען אייך דאָך פון פריער. אָבער איך מוז. ווירקלעך, פאַרשטייט, זאָגט עס מיר צו...

עוואַ בערג

איך זאָג גאָרנישט צו.

*אין פאדערצימער*

פּיקעל *שפּאַנט, פון אנהייב סצענע, אומרויק אהין און צוריק, בלייבט שטיין ביים באנקיר* הערר מיר אַנטשולדיקן. איך שטאַם פון האָלצהאוזען. אפשר קען דער הערר האָלצהאַוזען? וואָס אַן אמת, די באַן וועט ערשט אין אָקטאָבער געבויט ווערן. מיר איז דער פאָסט-וואָגן זייער גענוג געווען. פאַ-ראַן ביי אונז אַ שפּריכוואָרט...

*באנקיר קערט זיך אוועק*

פּיקעל

איך גלייב, וואָס אַן אמת, אַז די באַן...

*מחמת קיינער הערט אים נישט, האקט ער אָפּ, גייט אהין און צוריק*

*אין ארבעט צימער*

ווילהעלם קילמאַן

די מלוכה מוז זיך שיצן. איך בין נישט געווען מחויב אייך צו לאָזן רופן. איך האָב אייך נאָר געוואָלט געבן מיין עצה. מען זאָל נישט זאָגן, אַז... איר אַליין טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך וואָרן אייך *זשעסט*

*עווא בערג אָפּ*

ווילהעלם קילמאַן *אין טעלעפאָן*

כעמישע פאַבריק... הערר דירעקטאָר?.. קילמאַן... אַזוי?..

פאריין-פארזאמלונג 12 א ז״גער... טעלעפאָנירט מיר דעם רעזולטאַט... דאַנק... הענגט אן דאס טרייבל

פאדערצימער

ס׳קומט דער קריגס-מיניסטער

קריגס-מיניסטער

אך, גוט מאָרגן. הערר גענעראל-דירעקטאָר. אויך דאָ?

באנקיר

יאָ, ליידער, דאָס פיינלעכע חאַרטן... דערלויבט, הערר קריגס-מיניסטער, אייך פאָרצושטעלן מיין זון... עקסעלענץ פאָן וואנדסרינג.

קריגס-מיניסטער

זייער אָנגענעם... קיצלדיקע לאגע.

פיקעל ווענדט זיך צום קריגס-מיניסטער

איך מיין, הערר גענעראל, אז כאָטש דער שונא...

מהמת דער קריגסמיניסטער לייגט נישט אויף אים קיין אויפמערקזאמקייט, האקט ער אפ, גייט אין ווינקל, קראצט ארויס פון קעשענע א מעדאל, הענגט זיך גיך און ציטערנדיק אן

באנקיר

איר וועט זיך שוין באמיען, הערר גענעראל.

קריגס-מיניסטער

זיכער, נאָר... נישט קיין גרויס פארגעניגן, צו שיסן אין מענטשן, וועלכע מען האָט געגעבן פויקן און דערנאָך פארווערט אין זיי צו קלאפן. אָט די ליבעראלע אוטאָפּיעס פון דעמאָקראטיע און פאָלקס-פרייהייט מאכן פון אונז א תל. אויטאָריטעט דארפן מיר האָבן. דעסטילירטע דערפארונג פון יאָרטויזנטער. דאָס ווארפט מען נישט ארונטער מיט שלאָגווערטער.

באנקיר

פונדעסטוועגן, דעמאָקראטיע, מיט א מאָס, מוז נישט אומבאדינגט פירן צו פעבל-הערשאפט; ס׳קאָן טיילמאָל נוצן פאר א שוץ...



קריגס-מיניסטער

דעמאָקראַטיע... א מאַסקע. דאָס פאָלק זאָל רעגירן? וואו רעגירט עס דען? שוין גלייכער ערלעכע דיקטאטור לאָמיר עס נישט צופיל באשיינען. הערר גענעראל-דירעקטאָר... זעען מיר זיך מאָרגן אין קלוב?

באנקיר

זייער גערן.

קריגס-מיניסטער אפ

גראף לאנדע גייט מיט אים ביז צו דער טיר

גראף לאנדע

עקסעלענץ...

קריגס-מיניסטער

אך, הערר גראף, געמאַכט?

גראף לאנדע

אַלץ, עקסעלענץ.

קריגס-מיניסטער

ס׳גייט אייך גוט?

גראף לאנדע

די פראָנטלייט ווארטן.

קריגס-מיניסטער

דער עיקר — נישט היציק, גראף, קיינע נאַרישקייטן. די צייטן פון אָפענע קלעפ זענען אריבער. וואָס מיר ווילן דערגרייכן פאר אונזער פאָטערלאנד, קאָנען מיר דערגרייכן אויף א לעגאַלן אופן.

גראף לאַנדע

עקסעלענץ, מיר רעכענען אויף אייך.

קריגס-מיניסטער

הערר גראף, ביי מיין גאנצער סימפאטיע... איך וואָרן.

קריגס-מיניסטער אפ

פיקעל אין מיליטערישער האלטונג

צום באפעל, הערר גענעראל.

קריגס-מיניסטער באמערקט אים נישט, אפ

באנקיר

ווי לאנג וועט זיך קילמאן האלטן?

**באנקירס זון**

פאַרוואָס מאַכסטו נישט דאָס געשעפט מיט וואנדסרינגן?

**באנקיר**

היינט רעגירט קילמאַן. וואָס זיכער — איז זיכער.

**באנקירס זון**

גיב אַכטונג. דיין קילמאַן קאָנסטו אריינוואַרפן אין מיכט פון דער דעמאָקראַטיע. גיב אַ שמעק די לופט אין דער אינדוסטריע. איך וואָלט דיר געעצהט צו שטעלן אויף נאַציאָנאַלע דיקטאַטור.

**פיקעל**

(ווענדט זיך צום גראף לאנדע) קאָן מיר דער הערר זאָגן, ווי שפעט ס'איז?

**גראַף לאַנדע**

צוועלף מיט פערצן.

**פיקעל**

דער זייגער אין שטאָט איז תמיד געאיילט. איך האָב געמיינט, אז אודיענץ ביים מיניסטער איז פינקטלעך צוועלף... אמת, דער זייגער אויף פראָווינץ גייט תמיד איינגעהאַלטן, און דעריבער...

(מחמת גראף לאנדע לייגט נישט אויף אים קיין אויפמערקזאמקייט, האקט ער אָפּ, גייט אהין און צוריק)

**גראַף לאַנדע**

ווי רופט איר קילמאנען?

**באַראָן פרידריך**

עקסעלענץ, פאַרשטייט זיך.

**גראַף לאַנדע**

איז אָט די חברה האָט ליב טיטולן?

**באַראָן פרידריך**

אַן אַלטע מעשה, מיין ליבער. טוט אָן אַ מענטש אַן אוני־פאָרם, וועט ער גלייך וועלן יעפרייטערשע קנעפלעך.

**גראַף לאַנדע**

לאָזט אונז וואַרטן אין סאָדער צימער. מיט צען יאָר צו־



ריק וואָלט איך אַזאַ פאַרשוין די האַנט געגעבן נאָר אין לעדערנער הענטשקע.

**באַראָן פרידריך**

היצט אייך נישט. כ'קאָן אייך דערציילן אַנדערע זאַכן. מיט אַכט יאָר צוריק האָב איך אים שיער נישט געשטעלט צו דער מויער.

**גראַף לאַנדע**

זייער אינטערעסאַנט. איר זענט דעמאָלט געווען דערביי?

**באַראָן פרידריך**

נישט קיין קליינער אָנטייל. לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן.

**גראַף לאַנדע**

און פונדעסטוועגן האָט ער אייך איבערגעלאָזן אויף דינסט אין מיניסטעריום. תמיד בשכנות מיט אים. איר מוזט אים רייצן די נערוון.

**באַראָן פרידריך**

כ'האָב פאַר דעם טאַקע מורא געהאַט. אַז ער איז צום ערשטן מאָל געקומען אין מיניסטעריום, אין קאַנצעלאַריע גרויסע מהומה, האָב איך מיר געמאַכט אַ טראָציקע מי־נע. מען מוז מיטמאַכן די שפיל, כדי זיין גרייט, ווען ס'וועלן קומען די אנדערע בעסערע צייטן. ער — שאַרפן בליק. פון דעמאָלט אָן שטייגערונג נאָך שטייגערונג, אז ס'איז שוין נישט אָנגענעם. אָבער רעדן רעדט ער נישט קיין וואָרט.

**גראַף לאַנדע**

דאס הייסט — אַ מין שווייג־געלט?

**באַראָן פרידריך**

כ'ווייס נישט. לאָמיר רעדן וועגן וועטער. איך בין חושד, אַז אָט דער פאַרשוין האָט זיך אַרומגערינגלט מיט ערש־קלאַסיקע שפיצלען.

**גראַף לאַנדע**

אַלץ האָט אָט די חברה פון אונז איבערגענומען.

**פיקעל** צום באראן פרידריך

אמת, מיין שכן אין האַלצהאַוזען האט מיר טאַקע געזאָגט... פיקעל, מאַכט ער, פאַר דער אוידיענץ ביים מיניסטער מוסטו זיך קויפן ווייסע הענטשקעס. אַזוי איז געווען ביי דער אַלטער מלוכה-אָרדענונג, אַזוי בלייבט ביי דער נייער. אַזוי פאַרלאַנגט דער צערעמאָניע-פאָרשריפט. און איך, ווידער... איך האָב געמיינט, אַז אויב די מאָנאַרכ ע האָט פאַרלאַנגט ווייסע הענטשקעס, אַזוי מוזן מיר אין דער רעפּובליק אָנטון שוואַרצע... אַז, דווקא... ווייל מיר זענען היינט פרייע מענטשן...

מחמת באראן פרידריך לייגט נישט אויף אים קיין אויפמערקזאמקייט, האקט ער אפ, גייט אהין און צוריק

**באַראָן פרידריך**

אַן ענערגישער פאַרשוין, מוז מען מודה זיין.

**גראַף לאַנדע**

מאַניערן ?

**באַראָן פרידריך**

כ'ווייס נישט, צי ער האָט גענומען לעקציעס ביי די אַרטיסטן, ווי נאַפּאָלעאָן. אַלנפאַלס — דזשענטעלמען פון אויבן ביז אַראָפּ. פרימאָרגן — רייט ער אין ענגלישן אָנצוג — פיין, זאָג איך אייך.

**גראַף לאַנדע**

און דורך וועלכע לעכער שטינקט אַרויס דער פּראָלע-טאַריער ?

**באַראָן פרידריך**

דורך אַלע. איר דאַרפט נאָר אַביסל מער אַכט לייגן אויף יעדן וואָרט, יעדן זשעסט, יעדן טריט. די דאָזיקע לייט מיינען, אַז ווען זיי באַשטעלן זיך פרעק ביי די ערשטקלאַסיקע שניידערס, איז עס גענוג. זיי ווייסן נישט, אַז ערשטקלאַסיקע שניידערס זענען זיי נאָר דורך די ערשטקלאַסיקע קונים.



**גראַף לאַנדע**

אַלנפאַלס וואָלט איך אָט ביי דעם טייוולס באָבע געגעסן מיטאָג, אַבי זי זאָל מיר העלפן פון פּראָווינצער לאָך אין דער הויפּטשטאָט אַריין.

**באַראָן פרידריך**

די באָבע, ביי וועלכער איר וועט מיטאָגן, פירט אַ קיך — נישט צו מיאוסן זיך.

**גראַף לאַנדע**

האָט לאַנג אין פּריצישע הייזער געדינט.

אין ארבעטצימער

**דינער**

איר עקסעלענץ און פריילן טאָכטער ווילן רעדן מיט אייער עקסעלענץ. זיי וואַרטן אין זאַל.

**ווילהעלם קילמאַן**

איך בעט צו האָבן געדולד נאָך צען מינוט.

דינער אפ

טעלעפאן קלינגט

**ווילהעלם קילמאַן**

האַלאָ. אַך, איר, העדר געהיימראַט. יאָ, איך בין עס... גאָרנישט... אָבער ניין, איר שטערט מיר ווירקלעך נישט... די בעסטע פון כעמישער פאַבריק... הינטערקוליסן-אַרבעט... אונטערגעפירט, פאַרשטייט זיך, אונטערגעפירט... הינטער דעם שטייען גאַנץ פיפיקע לייט. מלוכהשע קרעדיטן האָבן מיר נעכטן באַשטעטיקט... וואָס ? איינשטימיק... דרייפּראָצענטיקע... תמיד צו אייער דינסט... אַדיע, הער געהיימראַט...

דינער אריין

**דינער**

די דאַמען ווילן..

**ווילהעלם קילמאַן**

זאָלן זיי וואַרטן, איך בין פאַרנומען.

*אין פאדערצימער*

**באראָן פרידריך**

האָט דאָס טעכטערל געזאָגט: ביטע און אַנטבלויזט די קניעלעך.

**גראף לאנדע**

און די מוטער?

**באראָן פרידריך**

האָט געמיינט, אַז ס׳איז אזא שיינע מידה און נישט גע־רעדט קיין ווארט.

**גראף לאנדע**

די הויפטשטאָט אין ווערט דאָס בלוט פון א בתולה. און ווי לאנג דאס געדויערט. משמעות, ס׳קומט אים נישט לייכט אָן דאָס רעגירן.

*קארל טאמאס אריין. זעצט זיך אין א ווינקל*
*אין ארבעטצימער*

**ווילהעלם קילמאן** *קלינגט*

*דינער אריין*

**דינער**

עקסעלענץ?..;

**ווילהעלם קילמאן**

הערר באראָן פרידריך און הערר גראף לאנדע...

*דינער פארנייגט זיך. גייט ארויס*
*פאדערצימער*

**דינער** *צו גראף לאנדע און באראן פרידריך*

עקסעלענץ געלאָזט בעטן..

**באנקיר**

אנטשולדיקט, מיינע הערן. גיט דעם עקסעלענץ אָט דאָס קארטל. נאָר איין מינוט.

*דינער גייט אין ארבעטצימער*
*באנקיר און זון קוקן אים נאך*

**ווילהעלם קילמאן**

גוט מאָרגן, הערר גענעראל־דירעקטאָר, גוט מאָרגן, הערר דאָקטאָר. איך האב היינט פאקטיש נישט קיין איין רגע...



**באנקיר**

איז לאָמיר זיך טרעפן ביי א רזיקערע געלעגנהייט.

**ווילהעלם קילמאן**

ביטע.

**באנקיר**

אין אָוונט אין גראנד האָטעל.

**ווילהעלם קילמאן**

געמאכט.

*באנקיר און זון אפ*

**דינער** *צו גראף לאנדע און באראן פרידריך*

עקסעלענץ געלאָזט בעטן.

*עפנט די טיר אין ארבעטצימער. גראף לאנדע און באראן פרידריך גייען אריין.*
*דינער וויל ארויס דורך זייטיקער טיר*

**קאַרל טאָמאס**

אנטשולדיקט.

**דינער**

עקסעלענץ איז פארנומען. איך ווייס נישט, צי עקסעלענץ קאָן נאָך היינט עמעצן אָננעמען.

**קארל טאָמאס**

איך וויל נישט רעדן מיטן מיניסטער. איך וויל צו הערר קילמאן.

**דינער**

זוכט זיך אויס אן אַנדערן פאר אייערע נארישע וויצן.

**קארל טאָמאס**

איך מיין נישט קיין וויצן, חבר...

**דינער**

בין נישט אייער חבר.

**קארל טאָמאס**

הערר קילמאן אַרבעט אלס סעקרעטאר ביים מיניסטער? דער פארטיער האט מיר אָנגעוויזן אויפן פאָדערצימער פונם מיניסטער, ווען איך האָב מיך געפרעגט אויפן הערר קילמאַן.

ד י נ ע ר

איר קומט פון דער לבנה ? ווילט איר מיר איינרעדן, אַז איר ווייסט נישט, אַז זיין עקסעלענץ הייסט קיל־מאַן ? בכלל מאַכט איר אַ פערדעכטיקן איינדרוק... איך לאָז רופן דעם הערר קרימינאַל־אויבערקאָמיסאַר.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

מיינט איר נישט אַן אנדערן קילמאַן ? פאַראַן דאָך אַזוי פיל קילמאַנס !

ד י נ ע ר

וואס ווילט איר ?

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

איך וויל רעדן מיטן הערר ווילהעלם קילמאַן. קילמאַן. ק – י – ל – מ – אַ – ן.

ד י נ ע ר

אזוי הייסט זיין עקסעלענץ... א נפש.

וויל ארויסגיין

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

קילמאַן מיניסטער ? ניין, בלייבט. איך קען דעם מיניס־טער. איך בין זיין פריינד. יאָ, ווירקלעך, זיין פריינד. מיר זענען געוועזן מיט אכט יאָר צוריק... איז בלייבט־זשע... האט איר אַ שטיקל פאַפיר?.. אַ בלייפעדער ? איך וועל אָנשרייבן דעם מיניסטער מיין נאָמען, וועט ער מיך גלייך אויפנעמען.

ד י נ ע ר אומאנטשלאסן

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

איז גיט־זשע מיר.

ד י נ ע ר

צייטן אָנגעקומען !

גיט קארל טאמאסן פאַפיר און פעדער. גייט ארויס. קארל טאמאס בלייבט

פ י ק ע ל

אַזוי, אזוי... דעם מיניסטערס אַ פריינד... הגם, צומביי־שפיל, איך... פיקעל איז מיין נאָמען... אַי, סארא חזיר,



אָט דער דינער... מען וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט קעגן די מענטשן פון אַלטן רעזשים שטרענגער האַנדלען, אָבער מיר, רעפּובליקאַנער, זענען געדולדיקע מענטשן... איך האָב דעם וויץ מיט אייער פריינד, דעם מיניסטער, גלייך פאַר־שטאַנען. מען דאַרף זיך דערלויבן אַ שפּאַס טון מיטן מיניסטער... איך מיין, אַז עס מוז עפּעס געשען... די גרויסהאַלטונג פון אָט דעם דינער, צומביישפּיל... דערפאַר טאַקע הינקט עס אונטער אין דער רעפּובליק...

אין ארבעטצימער

ווילהעלם ק י ל מ א ן

מען מוז וויסן, ווי צו נעמען דעם עולם, מיינע הערן.

ב אַ ר אָ ן פ ר י ד ר י ך

עקסעלענץ נישט מיינען, אַז אַמעריקע האָט נישט קיין אינטערעס אין דער מלחמה...

ג ר א ף ל אַ נ ד ע

עקסעלענץ אין זינען האָבן פראַנקרייכס פרידלעכע שטעלונג...

ו י ל ה ע ל ם ק י ל מ אַ ן

ווייל די מיניסטאָרן רעדן וועגן פעלקער־שלום און פראַ־זירן מיט מענטשהייטס־אידייען ? אָבער, מיינע הערן, גיט אַכטונג אין יעדער מיניסטערישע רעדע אויף דעם, אַז אַזוי פיל מאָל, וויפל ס'חזרט זיך איבער דאָס וואָרט „פעלקער־שלום" און „מענטשהייטס־אידייע", גאראַנ־טיר איך אייך, אזוי פיל לופט־גאַז־פאַבריקן און מלחמה־לופט־פלאָט זענען אָנגעמערקט אין געהיים־ביוראָשעט. מיינע הערן...

ב אַ ר אָ ן פ ר י ד ר י ך

מען האַלט, אַז אייער עקסעלענץ האַלט מאַטשיאַוועלי פאַר אייער ליבלינג־שרייבער.

ו י ל ה ע ל ם ק י ל מ אַ ן

צו וואָס טויג אונז מאַטשיאַוועלי. דער געזונטער מענטש־לעכער שכל.

דינער אריין

**דינער**

צי קאָנען שוין די דאַמען...

**ווילהעלם קילמאַן**

ביטע

ארייַן פרוי און טאכטער

**ווילהעלם קילמאַן**

דו קענסט דאָך הערר באַראָן...

**באַראָן פרידריך**

עקסעלענץ... גענעדיקע פריילן.

**פרוי קילמאַן**

הערט מיך שוין אויף צו רופן עקסעלענץ. איר ווייסט דאָך, אַז איך פאַרטראָג עס נישט.

**ווילהעלם קילמאַן**

הערר גראף לאנדע. מיין פרוי. מיין טאָכטער.

**גראַף לאנדע**

עקסעלענץ... גענעדיקע פריילן.

**באַראָן פרידריך**

מיר שטערן אייך...

**פרוי קילמאַן**

ניין. אגב, האָב איך אייך געשריבן. איך לאד אייך איין אויף זונטיק.

**גראף לאנדע**

קוש אייך די האַנט.

**פרוי קילמאן**

אפשר וועט איר מיטברענגען אייער פריינד.

**באַראָן פרידריך**

צופיל כבוד, עקסעלענץ.

**לאָטע קילמאן** שטיל צום באראן פרידריך

דו האָסט מיך נעכטן אָפּגענאַרט.

**באַראָן פרידריך** שטיל

אַך, מיין טייערע.



**לאָטע קילמאן**

דיין פריינד געפעלט מיר.

**באַראָן פרידריך**

ווינטש איך אים גליק.

**לאַטע קילמאן**

איך האָב געלייענט דיין ביטע.

**באַראָן פרידריך**

ווען באַגעגענען מיר זיך?

**ווילהעלם קילמאן**

יאָ, הערר גראַף. כסדר מוז מען דרוקן הכחשות. די אָנפאלן פון לינקס — ״ייען איך נישט. אָנפאַלן פון רעכטס — איר קענט דאָך איין ענטפער מיינעם. איך קען דעם מין מענטשן פון אַלטן רעזשים. מען איז דאָך נאָר אַ מענטש. מ׳האָט שוואכקייטן, אָבער ווייניק יושר וועלן מיר די עקסטרעמע קאָנסערוואטיוון נישט פאָרוואַרפן.

**גראַף לאַנדע**

וואָס רעדט איר, עקסעלענץ... מען שעצט אייך הויך אין די נאַציאנאַלע קרייזן.

**ווילהעלם קילמאן**

איך שרייב היינט אָן צו אייער לאנדראט. אין משך פון פיר וואָכן טרעט איר אריין אין דינסט אין מיניסטעריום.

אין פאדערצימער

**קאַרל טאָמאַס** לויפט אהין און צוריק

מיניסטער... מיניסטער...

אין ארבעטצימער

מיניסטער געזעגנט זיך מיט גראף לאנדע און מיט באראן פרידריך.

אין פאדערצימער

**באַראָן פרידריך**

נו. וואָס האָב איך געזאָגט?

**גראַף לאַנדע**

אַי, אַ חברה... אַ חברה...

ביידע ארויס

קאַרל טאָמאַס

דאָס פנים האָב איך שוין אַמאָל געזען. וואו?

ארײַן דינער

קאַרל טאָמאַס

דאָס איז דער בריוו פאַרן מיניסטער.

דינער נעמט דעם בריוו און טראָגט אים אוועק אין ארבעטצימער

דינער

אַ מענטש, עקסעלענץ...

ווילהעלם קילמאַן

איך פאַרלאַנג נישט...

קארל טאמאס קלאפט אין דער טיר, ווארט נישט אויף קיין ענטפער, גייט אריין

קאַרל טאָמאַס

ווילהעלם! ווילהעלם!

ווילהעלם קילמאַן

ווער זענט איר?

קאַרל טאָמאַס

דערקענסט מיך שוין נישט. די יאָרן... אַכט יאָר...

ווילהעלם קילמאַן צום דינער

איר קאָנט גיין.

דינער ארויס

קאַרל טאָמאַס

דו לעבסט נאָך. דערקלער מיר... מיר זענען באַגנעדיקט געוואָרן. דו אײנער נישט...

ווילהעלם קילמאַן

אַ צופאַל... אַ מזלדיקער צופאַל.

קאַרל טאָמאַס

אַכט יאָר... פאַרמויערטער ווי אין אַ קבר. איך האָב געזאָגט די דאָקטוירים, אַז איך געדענק גאָרנישט. אָ, ווילהעלם, אָפט פלעג איך דיך זען אויף דער וואַר... אָפט... אָפט... געזען דיך טויט... פלעג איך מיט די נעגל



גראָבן אין די אויגן מ׳נ׳, ביז בלוט שפריצן... די וועכטער האָבן געמיינט, אַז איך האָב געקריגן אָנפאַלן.

ווילהעלם קילמאַן

יאָ.. דעמאָלט... איך דערמאָן מיך נישט גערן.

קארל טאָמאַס

תמיד האָט טויט הינטער אונז געלויערט. געהעצט איינעם קעגן דעם אנדערן.

ווילהעלם קילמאַן

וואָסערע קינדער מיר זענען געווען.

קארל טאָמאס

שעהן, ווי יענע אין תפיסה, באהעפטן מיט בלוט. דערום בין איך צו דיר געקומען, ווען איך האָב געהערט, אז דו לעבסט. קאָנסט אויף מיר רעכענען.

פרוי קילמאַן

ווילהעלם, מיר מוזן גיין

קארל טאָמאס

פרוי קילמאַן. גוט מאָרגן, פרוי קילמאַן. איך האָב אייך גאָרנישט באמערקט. איר זענט די טאָכטער? אזוי גרויס זענט איר געוואָרן?

לאָטע קילמאַן

יעדער ווערט סוף כל סוף גרויס. מיין פאָטער איז דערווייל געוואָרן מיניסטער.

קארל טאָמאס

דערמאַנט איר זיך, ווי איר זענט צו אייער מאַן צום לעצטן מאָל געקומען אין דער טויטן-קאמער? ווי איך האָב אייך באדויערט. מען האָט אייך געמוזט ארויסשלעפן. און די טאָכטער איז געשטאַנען לעבן דער טיר, מיט די הענט ארום דעם פנים און כסדר געזאָגט: ניין, ניין, ניין.

פרוי קילמאן

יאָ, איך דערמאָן זיך, ס׳איז געווען אַ שווערע צייט. אמת, ווילהעלם? ס׳גייט אייך גוט היינט? גאַנץ שיין. קומט צו אונז אַמאָל.

קאַרל טאָמאַס

אַ דאַנק, פרוי קילמאַן.

פרוי קילמאַן און לאטע אָפּ

קאַרל טאָמאַס

מוז דאָס אַזוי זיין? אַז דיין טאָכטער זאָל פאָרשטעלן די גרויסע דאַמע?

ווילהעלם קילמאַן

וואָס?

קאַרל טאָמאַס

דיין מיניסטעראַמט איז דאָך נאָר אַ מאַנעווער, נישט אמת? זייער אַ געוואגטער מאַנעווער. אַמאָל וואלט מען אָט אַזאַ טאַקטיק נישט דערלאָזן. איז שוין דער אַפּאַראַט כמעט אין אונזערע הענט?

ווילהעלם קימאַן

דו רעדסט אַזוי, ווי מיר וואָלטן נאָך געהאַט רעוואָלוציע.

קאַרל טאָמאַס

וואָס?

ווילהעלם קילמאַן

זינט דעמאָלט זענען אריבער צען יאָר. וואו מיר האָבן געזען דעם גראָדליניקן וועג, איז געקומען די אומברחמנותדיקע ווירקלעכקייט און אים אויסגעבויגן. פונדעסטוועגן גייט עס פאָרויס.

קאַרל טאָמאַס

איז נעמסטו, הייסט עס, דיין אַמט ערנסט?

ווילהעלם קילמאַן

געוויס.

קאַרל טאָמאַס

און דאָס פאָלק?

ווילהעלם קילמאַן

איך דין אים.

קאַרל טאָמאַס

פלעגסטו דען נישט אַמאָל אויפווייזן, אַז ווער ס׳זיצט אין

אַ וועלכער ס׳איז רעגירונג אויפן מיניסטער-בענקל, און האָט אַלס חברים די ערגסטע שונאים — דער וועט קאַפּיטולירן, דער מוז קאַפּיטולירן, אַלץ איינס, צי ער האָט דערביי גוטע כוונות, צי נישט!

ווילהעלם קילמאַן

דאָס לעבן קומט נישט פאָר אין טעאָריעס. מען לערנט זיך אויף זיינע דערפאַרונגען.

קאַרל טאָמאַס

אַז זיי האָבן דיך געשטעלט צו דער מויער!

ווילהעלם קילמאַן

נאָך אַלץ דער היציקער טרוימער. איך נעם דיר נישט דיינע ווערטער פאַר אומגוט. מיר ווילן דעמאָקראַטישעגירן. וואָס איז דען אַזוינס דעמאָקראַטיע? דער ווילן פונם גאַנצן פאָלק. אַלס מיניסטער פאַרטרעט איך נישט קיין פּאַרטיי, נאָר די גאַנצע מלוכה. ווען מען האָט אָט אַזאַ אחריות, ליבער פריינד, זעען אויס די זאַכן אַביסל אַנדערש. מאַכט גיט אחריות.

קאַרל טאָמאַס

מאַכט! וואָס פאַר אַ נוצן האָט עס, וואָס דו רעדסט זיך איין, אַז דו פאַרמאָגסט מאַכט, ווען דאָס פאָלק האָט נישט קיין ברעקל מאַכט! זינט פינף טעג קוק איך זיך אַרום. האָט זיך עפּעס געענדערט? דו זיצסט אויבן און רעגולירסט דעם שווינדל. זעסטו דען נישט, אַז פאַראַטסט די אידייע, אַז דו רעגירסט קעגן דעם פאָלק?

ווילהעלם קילמאַן

ס׳איז אַ מוטיקייט צו רעגירן קעגן דעם פאָלק. מער, ווי צו גיין אויף די באַריקאַדן.

טעלעפאָן קלינגט

ווילהעלם קילמאַן

אנטשולדיק... קילמאַן... איינשטימיקער באַשלוס אָפּצוּוואַרפן די איבערשעהן... אַ דאַנק, הערר דירעקטאָר. האָט דאָס פלוגבלאַט אַן אונטערשריפט? אַזוי... לאָזט מעלדן: ווער ס׳פאַרלאָזט פינף אַזייגער די פאַבריק, דער ווערט אָפּ-

געזאָגט אָן אַן התראה... גוט, וועט מען די פאַבריק פאַרמאַכן אויף עטלעכע טעג. האַנדלט אונטער מיט פּריוואַטע אונטערנעמער. די באַשטעלונג פאַר טערקיי מוז אויסגעפירט ווערן... אַדיע, הערר דירעקטאָר... (הענגט אָן, ס׳קלינגט ווידער) שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער פּאָליציי... אַקטן עווא בערג... צוויילן... אַ דאַנק (הענגט אָן).

קאַרל טאָמאַס

וואָסער מוט! ווי די באַהע שסט די מעטאָדן.

ווילהעלם קילמאַן

ווער עס אַרבעט דאָ אויבן, דער מוז זאָרגן דערפאַר, אַז אָט די קאָמפּליצירטע מאַשין זאָל נישט אַריינפאַלן אין בלאָטע דורך אומגעלומפּערטע הענט.

קאַרל טאָמאַס

צי קענסטו דען נישט אָט די פּרויען פאַר דיינע אַלטע אידייען?

ווילהעלם קילמאַן

זאָל איך דערלאָזן דערצו, אַז די אַרבעטערנס פון אַ וועלכער ס׳איז פאַבריק, זאָלן צעשטערן דעם מעכאַניזם פון דער מלוכה?

קאַרל טאָמאַס

דיין אויטאָריטעט וואָלט געליטן?

ווילהעלם קילמאַן

זאָל איך זיך קאָמפּראָמיטירן? זאָל איך זיך אַרויסווייזן פאַר ווייניקער פעיק, ווי די אַלטע מיניסטאָרן? אָפּט איז עס גאָרנישט אַזוי לייכט... לאָזט מען אָפּ איין מאָל, דאַן... פאַראַן שעהן... איר קאָנט זיך נישט פאָרשטעלן... אָך, וואס ווייסט איר דען?..

קאַרל טאָמאַס

וואָס מיר ווייסן? איר העלפט דער רעאַקציע זיך צו זעצן אויפן זאָטל.

ווילהעלם קילמאַן

גערישקייט. אין דער דעמאָקראַטיע דאַרף איך צוגלייך־



אַכטונג געבן אויף די רעכט פון אַרבעטסגעבער, ווי אויף די רעכט פונם אַרבעטסנעמער. מיר האָבן דאָך נאָך נישט די צוקונפט-מלוכה.

קאַרל טאָמאַס

אָבער יענע האָבן דאָך פּרעסע, געלט, געווער. און די אַרבעטער? הוילע פויסטן.

ווילהעלם קילמאַן

אָך, איר זעט נאָר אייביק דעם באַוואָפנטן קאַמף, שלאָגן, שטעכן, שיסן, אויף די באַריקאַדן! אויף די באַריקאַדן, דו אַרבעטער-פאָלק! מיר זענען קעגנער פון רויער געוואַלט. מיר האָבן כסדר געפּרעדיקט, אַז מיר ווילן זיגן מיט מאָראַלישן, מיט גייסטיקן כלי-זין. געוואָלט איז תמיד רעאַקציאָנער.

קאַרל טאָמאַס

איז דאָס די מיינונג פון דער מאַסע? האָסט זיך געפרעגט וועגן איר מיינונג?

ווילהעלם קילמאַן

וואָס איז די מאַסע? קאָן זי געבן עפּעס פּאָזיטיווע אַרבעט? גאָרנישט! שיינע פראַזן און הרגענען צום טויט. זי האָט אונז אַריינגעוואָרפן אין כאַאָס. יעדער אַוואַנטוריסט האָט באַקומען אַן אָנפירערישן אַמט. מענטשן, וואָס זייער גאַנץ לעבן קענען זיי די אַרבעטער פון דיסקוסיעס אין די קאַווע-הייזער. לאָמיר זיין אויפריכטיק: מיר האָבן געראַטעוועט די רעוואָלוציע... מאַסע איז נישט פעיק און אַזוי וועט זי נאָך בלייבן זייער לאַנג. זי פאַרמאָגט נישט קיין שום פאַכוויסן. ווי אַזוי קאָן אַ אַרבעטער אָן אויסשולונג אין אונזער צייט איבערנעמען דעם אמט, לאָמיר זאָגן, פון א פאַריינפירער? אָדער אַ דירעקטאָר פון אַן עלעקטרישער פאַבריק? שפּעטער... אין יאָרצענדליקער... אין יאָרהונדערטער... דורך דערציונג... דורך אַנטוויקלונג... — ווען עס זיך ענדערן. מיר מוזן היינט רעגירן.

**קארל טאָמאס**

און מיט דיר בין איך געזעסן...

**ווילהעלם קילמאַן**

האלטסטו מיך טאקע פאר א „פארעטער“?

**קארל טאָמאס**

יאָ.

**ווילהעלם קילמאן**

אך. ליבער פריינד, צו די ווערטער בין איך שוין צוגע־וואוינט. פאר אייך איז יעדער בירגער אַ רויבער, א בלוט־זייגער, א שטן, שדים ווייסן וואס נאך. וואלט איר אבער פארשטאנען, וואס די בירגערלעכע וועלט האָט געשאפן און וועט נאך שאפן.

**קארל טאָמאַס**

שטיי! פארדרייסט מיינע ווערטער. אז די בירגערלעכע וועלט האָט באשאפן מעכטיקע זאכן, האב איך נישט גע־לייקנט. אז דאס בירגערטום איז ראָבנשווארץ און דאָס פאָלק איז שנייוויס — דאס האב איך נישט געזאגט. אבער וואס האבן זיי געמאכט פון דער וועלט? אונזער אידייע איז די גרעסערע. וועלן מיר זי אדורכפירן, וועלן מיר שאפן מער.

**ווילהעלם קילמאן**

ס'ווענדט זיך אין דער טאקטיק, מיין ליבער. מיט דיין טאקטיק וואָלט גלייך רעגירט די פינסטערסטע רעאקציע.

**קארל טאָמאס**

איך זע נישט קיין אונטערשיד.

**ווילהעלם קילמאן**

איר האָט, משמעות, פארגעסן אָן די שמיץ אויף אייערע לייבער? אזוי ווי קינדער זענט איר. פארלאנגען דעם גאנצן בוים, ווען מען קאן קוים האָבן אן עפל.

**קארל טאָמאס**

אויף וועמען שטיצסטו זיך? אויף דער אלטער ביוראָ־קראטיע? און ווען איך וואלט דיר אפילו געגלייבט,



אז האסט אויפריכטיקע ווונטשן — איז וואס ביסטו אינדערעמתן? אַן אָנווילנדיקע לאַלקע, אַ שפּיל־באַלעם!

**ווילהעלם קילמאן**

וואָס ווילסטו אייגנטלעך? גיב אַ קוק דאָ אויף דער מאַ־שין. ווי זי קלאַפּט. ווי לויפט דאָס גלייך אויפן שנירל. ווי יעדער פאַרשטייט זיין פאַך.

**קאַרל טאָמאַס**

און מיט דעם ביסטו שטאָלץ?

**ווילהעלם קילמאן**

יאָ, איך בין שטאָלץ מיט מיינע באַאַמטע.

**קאַרל טאָמאַס**

מיר רעדן אויף פאַרשידענע שפּראַכן... דו האָסט פריער אָנגערופן אַ נאָמען אין טעלעפאָן.

**ווילהעלם קילמאן**

איך האָב גערעדט וועגן אמטלעכע ענ־נים.

**קאַראָל טאָמאַס**

עווא בערג.

**ווילהעלם קילמאן**

אַך, זי... זי אַרבעט אין פינאנס־אַמט. באַשווערט מיר די אַרבעט. וואָס פון אָט דעם מיידל איז געוואָרן.

**קאַרל טאָמאס**

זי מוז היינט אלט זיין פינפאונצוואָנציק יאָר.

**ווילהעלם קילמאן**

איך וואלט וי וועלן שוינען. אָבער זי שלעפּט זיך אליין אריין אין אומגליק... איך מוז זיך מיט דיר געזעגענען. נאַ, האָסטו (וויל געבן קארל טאמאסן געלט; יענער שארט עס צוריק) קיין פאָסן קאָן איך דיר ליידער נישט געבן. גיי אין פאריין, אפשר וועסטו דאָרט געפינען אַלטע באַקאַנטע. איך האָב נישט. מען איז אַזוי פאַרנומען, מען פאַרלירט דעם קאָנטאַקט. זאָל דיר גוט גיין. טו נישט קיין נאַריש־קייטן. אין ציל זענען מיר דאָך מסכים. אָבער די מיטלען:

שטופּט אײדל קאַרל טאָמאַסן אַרױס אין פּאָדערצימער

**װ י ל ה ע ל ם ק י ל מ אַ ן**

שטײט עטלעכע סעקונדן, זשעסטן

אין פּאָדערצימער

קאַרל טאָמאַס שטײט שטום פֿאַרשטאַרט

**פּ י ק ע ל** צום דינער

קאָן איך יעצט אַרײַנגײן, הערר סעקרעטאַר?

**ד י נ ע ר**

זענט איר געמאָלדן?

**פּ י ק ע ל**

דריטהאַלבן טאָג בין איך געפֿאָרן מיט דער באַן, הערר סעקרעטאַר. אמתדיקע ניסים. קענט איר האָלצהאַוזען?

**ד י נ ע ר**

צי װײס דער הערר מיניסטער?

**פּ י ק ע ל**

עס איז דאָך װעגן דער באַן אין האָלצהאַוזען.

**ד י נ ע ר**

איך װעל פֿרעגן.

דינער — אָפּ אין אַרבעטצימער

**פּ י ק ע ל**

איז דער הערר מיניסטער אַ זײער שטרענגער מענטש?

קאַרל טאָמאַס ענטפֿערט נישט

**פּ י ק ע ל**

װען דער ליבער גאָט מאַכט אײנעם פֿאַר אַ מיניסטער, שטעל איך מיר פֿאָר, אַז...

מחמת קאַרל טאָמאַס ענטפֿערט נישט, האַקט ער אָפּ, גײט אַהין און צוריק

אין אַרבעטצימער

**װ י ל ה ע ל ם ק י ל מ אַ ן**

מאַ, פֿון מײַנעטװעגן — פֿירט אים אַרײַן.

דינער עפֿנט טיר אין פּאָדערצימער



**ד י נ ע ר**

הער פּיקעל.

אַרײַן פּיקעל

**פּ י ק ע ל**

האָב דעם כּבֿוד, הערר מיניסטער. איך װײס, אַז איר זענט זײער פֿאַרנומען. פֿונדעסטװעגן װיל איך אײַך נישט צונעמען אײַער צײַט. פּיקעל הײס איך. געבױרן אין האָלצהאַוזען, באַצירק װאַלדװינקעל. עס האַנדלט זיך װעגן דער באַן, װאָס איר האָט געזאָלט לײגן אין האָלצהאַוזען, הערר מיניסטער. איר װײסט דאָך, אין אָקטאָבער... פֿאַראַן בײַ אונז אַפֿילו אַ שפּריכװאָרט: האַננעס װיל אַ פֿעטע גאַנז דעם אונטן אױסשמירן. אַזאַ פֿעטע גאַנז איז געװען האָלצהאַוזען. די דאַמפֿער פֿלעגן פֿאַרבײַפֿאָרן, דרײַ מאָל אין װאָך, דער פּאָסט-װאָגן פֿלעגט אַהינקומען יעדן טאָג, װאָס דער ליבער גאָט האָט באַשאַפֿן. איך װאָלט װעלן... הגם איך װיל מיר נישט נעמען די דרײסטקײט. דער הערר מיניסטער װעט דאָס בעסער װיסן... פֿונדעסטװעגן — אײנס איז זיכער, דאָס דער הערר מיניסטער האָט נישט געװאוסט, אַז װען די באַן זאָל פֿאָרן איבער מײַן חלק ערד. דאַן... איך האַלט אײַך נישט אױף, הערר מיניסטער?

**װ י ל ה ע ל ם ק י ל מ אַ ן**

אַלזאָ, ליבער פֿרײַנד, װאָס זאָל די באַן?

**פּ י ק ע ל**

איך האָב טאַקע גלײַך געזאָגט מײַן שכן, אַז װען איך װעל שטײן אַנטקעגן דעם מיניסטער, אַזױ װעט ער... אמת, ער האָט עפּעס געזאָגט װעגן װײַסע הענטשקעס און נאָך אַנדערע נאַרישקײטן... אָבער איך האָב תּמיד געקלערט, אַז אַ מיניסטער מוז אַלץ קענען! כּמעט אַזױ פֿיל, װי־פֿל דער ליבער גאָט. צי דער שנײ װעט געלינגען, צי ס'װעט זײַן מלחמה, צי זאָל די באַן פֿאָרן איבער ד ע ם חלק ערד,

אָדער איבער יענעם... יאָ, אַזוי, הערר מי יסטער... אָך, איך בין געקומען נישט נאָר מכּוח דער באַן... אמת, די באַן איז אַ גאַנץ וויכטיקע זאַך... פונדעסטוועגן איז דאָס אַנדערע אויך וויכטיק. איז זיך איך אַזוי אין האָלצהאַוזען... די צייטונגען, מען ווערט פון זיי נישט קלוגער... איז האָב איך זיך געזאָגט, אַז ווען דו וועסט שטיין פּנים אל פּנים מיטן מיניסטער... אויב ס'איז נישט קיין חוצפּה, איז ווי אַזוי שטעלט איר זיך פאָר, ווי אַזוי וו ט דאָס אַלץ ווייטער גיין ?... ווען, צומבייששפּיל, די באַן וואָלט געפאָרן דורך האָלצהאַוזען, און מען זאָל קאָנען גלייך אַראָפּפאָרן קיין אינדיע ?.. און אַז אין כינע שטייען די געלע אין גרויסן... אַז ס'זענען פאַראַן מאַשינען, וואָס מען קאָן מיט זיי שיסן קיין אַמעריקע... און די נעגער אין אַפריקע האָבן געמאַכט יד־אחת און ווילן אַרויסוואַרפן די מיסיאָנערן... און דאָס געלט וויל די רעגירונג אָפּשאַפן, שמועסט מען.. און דאָ אויבן זיצט דער הערר מיניסטער, און מיט אָט דעם אַלעמען דאַרף ער זיך אַן עצה געבן... פונדעסטוועגן ווילסטו אים אליין אמאל פרעגן: הערר מיניסטער, וואָס וועט ווערן פון דער וועלט ?

ווילהעלם קילמאַן

וואָס ס'וועט ווערן פון דער וועלט ?

פּיקעל

וואָס ווילט איר פון איר מאַכן, הערר מיניסטער, מיין איך ?

ווילהעלם קילמאַן

נאַ, לאָמיר קודם אויסטרינקען אַ גלעזל קאַניאַק. איר רייכערט ?

פּיקעל

צו ליבעסווערטיק, דהערר מיניסטער. הגם איך האָב זיך גלייך געזאָגט: מיט דעם מיניסטער מוזטו נאָך שטיין פּנים־אל־פּנים...



ווילהעלם קילמאַן

די וועלט... די וועלט... המ... ס'איז גאָר נישט אַזוי פּשוט צו ענטפערן דערויף. טרינקט.

פּיקעל

דאָס פלעג איך מיין שכן אויך תמיד זאָגן. וואָס אַן אמת — מיין שכן, כ'מיין דעם, וואָס האט געהאט אין אַרענדע די שטאָטישע לאנקע, וואָס זי איז ווערט צוויי־הונדערט מאַרק, נאָר מחמת ער איז דעם בירגערמייסטערס אַ מקורב, און ווען איינער איז אַ מקורב...

מען קלאַפּט

דינער

איך דערלויב עקסעלענץ צו דערמאַנען, עקסעלענץ מוז צוויי אַ זייגער...

ווילהעלם קילמאַן

יאָ, איך ווייס... אַלזא, ליבער הערר פּיקעל, פאָרט רויק צוריק קיין האָלצהאַוזען. לאָזט מיר גריסן האָלצהאַוזען... טרינקט־זשע אויס אייער קאָניאַק.

פּיקעל

יאָ, הערר מיניסטער. און די באַן... אגב, אויב זי זאָל שוין פאָרן איבער מיין חלק ערד, טאָ זאָל כאָטש...

ווילהעלם קילמאַן

שטופּט פּיקעלן איידל אַרויס אין פאָדערצימער אַזוי, אַז יענער באַווייזט שוין נישט צו טרינקען זיין קאַניאַק

ס'וועט קיינעם נישט געשעען קיין עוולה.

אין פאָדערצימער

פּיקעל אַרויסגייענדיק

איך וועל זיי שוין ווייזן אין האָלצהאַוזען.

דינער צו קאַרל טאָמאַסן, וואָס שטייט כסדר פאַרטראַכט

איר מוזט גיין, מען שליסט.

פאָרהאַנג

## פילמיש צווישנשפיל

### פרויען ביי דער ארבעט

פרויען אלס מאשינשרייבערנס

פרויען אלס שאפערן

פרויען אלס לאקאמאטיוו-פירערנס

פרויען אלס פאליציאנטנס

## צווייטער אקט

### צווייטע סצענע

צימער ביי עווא בערג

עווא בערג שפרינגט ארויס פון בעט, הייבט זיך גיך אן אנצושטן

קארל טאמאס אין בעט

וואוהין חילסטו גיין?

עווא בערג

ארבעטן, מיין ליב יינגל.

קארל טאמאס

ווי שפעט איז אצינד?

עווא בערג

האלב זיבן.

קארל טאמאס

בלייב נאך ליגן ביז אכט. אייער ביורא-ארבעט הייבט זיך דאך אן ניין א זייגער.

עווא בערג

איך מוז פריער זיין אין פאריין. אין א וואך ארום זענען וואלן. כלוגבלעטער פאר פרויען האבן זיי אפגעדרוקט— העסלעכע. נעכטן אין אוונט, ווען דו ביזט שוין געשלאפן, האב איך אנגעשריבן א פרישן טעקסט.

קארל טאמאס

דאס לעבן און ארבעט מאכט מיך פון טאג צו טאג פוילער.

עווא בערג

יאָ, ס'איז שוין צייט, זאָלסט זען געפינען עפּעס אַרבעט.

קאַרל טאָמאַס

טיילמאָל טראַכט איך... בוביקאָפּ הייסט דיין פריזור?

עווא בערג

עס געפעלט דיר?.. אַ סקאַנדאַל, אין זעקסטן ראַיאָן פעלן פאַרטרויונגס-מענטשן. וואו האָב איך געלאָזט די פּאַפּירן?..

אָך, דאָ לייענט, קאַרעגירט, שרייבט

קאַרל טאָמאַס

די פריזור קליידט דיר. ווייל דו האָסט אַן אַנטשפּרעכנדיק פּנים. פרויען אָן אַ פּנים מוזן אויף זיך אַכטונג געבן. פריזור מאַכט נאַקעט. און וויפל קאָנען דען פאַרטראָגן נאַקעטקייט?

עווא בערג

אַזוי מיינסטו?

קאַרל טאָמאַס

די פּנימער אין די גאַסן, אויף די אונטערערדישע באַנען — שרעקלעך. פריער האָב איך גאָרנישט געזען, ווי ווייניק מענטשן ס'פאַרמאָגן פּנימער. ס'רוב שטיקער פלייש אויסגעפרעסן פון שרעק און פון פוסטער גאווה.

עווא בערג

דער סוף איז גאַנץ פּ״ן... בענקט מען דאָרט נאָך פרויען?

קאַרל טאָמאַס

די ערשטע זיבן יאָר בין איך געווען באַגראָבן... דאָס לעצטע יאָר האָב איך גרויזאַם געליטן.

עווא בערג

וואָס טוט מען אין אַזעלכע פאַלן?

קאַרל טאָמאַס

אַ טייל האַלטן עס ווי יינגלעך, אַנדערע מאַכן זיך ליי־לעך, ברויט, פאַרביק טוך פאַר אַ כלה.



עווא בערג

דאָס לעצטע יאָר אויף דער וואָר האָט פאַר דיר געמוזט זיין זייער שווער.

קאַרל טאָמאַס

אָפט האָב איך דאָס קישן געפרעסט צו זיך, ווי אַ פרוי, גיריק זיך געוואָלט אָנוואַרעמען.

עווא בערג

אין יעדערן ב״ן די אייזהינט... דו מוסט געפינען אַר־בעט, קאַרל...

קאַרל טאָמאַס

צו וואָס... עווא, קום מיט מיר. מיר וועלן פאָרן קיין גריכנלאַנד. קיין קאַנאַדע. קיין אַפריקע. עס לעבן דאָך נאָך מסתמא מענטשן, קינדעריש. אין זייערע אויגן שפּיגלט זיך אָפּ דער הימל און די זון און די שטערן. וואָס ווייסן נישט פון קיין פּאָליטיק, וואָס לעבן. מוזן נישט כסדר קעמפן.

עווא בערג

דיך עקלט פאַר פּאָליטיק? מיינסטו, אַז קאָנסט איבער שפּרייזן איר קרייז? מיינסטו, אַז קאָנסט לעבן דרומדיקע זון, לעבן פּאַלמען, עלעפאַנטן, פאַרביקע טעפּיכער — פאַרגעסן אָן דעם מענטשלעכן לעבן? דער גן-עדן, וועגן וועלכן דו חלומסט, עקזיסטירט נישט.

קאַרל טאָמאַס

פון זינט איך בין געווען ביי ווילהעלם קילמאַן, קאָן איך נישט מער. צוליב וואָס? צוליב דעם, אַז אונזערע זאָלן ווי פאַרדרייטע שפּיגלען, קוקן אויף דער וועלט? אַ דאַנק איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר זיין מיין מאָרגן און דער חלום פון דער צוקונפט. דיך, דיך איך וויל — מער גאָרנישט.

עווא בערג

הייסט עס — אַנטלויפן?

קארל טאָמאַס

רוף עס אנטלויפן. נישט אין ווערטער גייט עס.

עוואַ בערג

נארסט זיך אליין אָפּ. שוין מאָרגן וואָלט דיך אַרומגעכאַפּט אומגעדולד, בענקשאַפט נאָך דעם... גורל.

קארל טאָמאַס

גורל?

עוואַ בערג

ווייל מיר קאָנען נישט אָטעמען אָן אָט דער לופט פון פאבריקן און הינטערהייף. ווייל מיר וואָלטן געפגרט, ווי געפאנגענע חיות.

קארל טאָמאַס

יאָ, ביזט גערעכט. קארל טאמאס הייבט זיך אן אנצוטון

עוואַ בערג

מוזט זיך ארומקוקן וועגן אַן אַנדער דירה, קאַרל.

קארל טאָמאַס

איך קאָן שוין ביי דיר נישט וואוינען, עוואַ?

עוואַ בערג

אויפריכטיק גערעדט — ניין.

קארל טאָמאַס

די באַלעבאָסטע האָט טענות?

עוואַ בערג

איך וואָלט איר אָפּגעוואוינט.

קארל טאָמאַס

טאָ פאַרוואָס נישט?

עוואַ בערג

איך מוז זיין אַליין. פאַרשטיי מיך.

קארל טאָמאַס

געהערסט דען נישט מיר?

עוואַ בערג

געהערן? דאָס דאָזיקע וואָרט איז אָפּגעשטאָרבן. קיינער געהערט נישט צום אַנדערן.



קארל טאָמאַס

אַנטשולדיק, איך האָב מיך שלעכט אויסגעדריקט. בין איך נישט דיין געליבטער?

עוואַ בערג

דערפאַר, וואָס איך בין מיט דיר געשלאָפן?

קארל טאָמאַס

בינדט דאָס נישט?

עוואַ בערג

איין בליק, וואָס איך טויש מיט אַ פרעמדן מענטשן אויף אַ פאַרוואָרפענער גאַס, קאָן מיך צו אים טיפער צובינדן, ווי אַ וועלכע ס'איז ליבע-נאכט. דאָס איז נישט מער, ווי זייער אַ שיינע שפּיל.

קארל טאָמאַס

טאָ וואָס נעמסטו ערנסט?

עוואַ בערג

אָט דאָס דאָ נעם איך ערנסט. אויך שפיל נעם איך ערנסט... איך בין אַ לעבעדיקער מענטש. צי דערפאַר, וואָס איך קעמף, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון דער וועלט? ס'איז אַן אַבסורד די מיינונג, אַז אַ רעוואָלוציאָנער מוז זיך אָפּזאָגן פון די טויזנט פריידן פון לעבן. אַלע זאָלן גלייך אָנטיילנעמען — דערפאַר קעמפן מיר דאָך.

קארל טאָמאַס

וואָס איז ביי דיר... הייליק?

עוואַ בערג

צו וואָס מיסטישע ווערטער פאַר מענטשלעכע זאַכן?.. קוקסט מיך אָן?.. איך זע, ווען איך רעד מיט דיר, אַז די לעצטע אַכט יאר, וואָס דו ביסט געווען „באַגראָבן", האָבן אונז שטאַרקער פאַרענדערט, ווי אַ יאָרהונדערט.

קארל טאמאס

יאָ, איך גלייב אָפּטמאָל, אַז איך קום פון אַ דור, וואָס איז שוין פאַרשוואונדן,

**עווא בערג**

וואָס די וועלט האָט שוין איבערגעלעבט זינט יענעם עפּיזאָד!

**קאַרל טאָמאַס**

ווי אַזוי רעדסטו וועגן דער רעוואָלוציע!

**עווא בערג**

אָט די רעוואָלוציע איז געווען אַן עפּיזאָד. זי איז שוין אַריבער.

**קאַרל טאָמאַס**

וואָס איז געבליבן?

**עווא בערג**

מיר. מיט אונזער ווילן צו גערעכטיקייט. מיט אונזער כּוח צו נייער אַרבעט.

**קאַרל טאָמאַס**

און אַז דו וואָלסט דערפילט אין זיך אַ קינד אין די דאָזיקע נעכט?

**עווא בערג**

וואָלט איך עס נישט געבוירן.

**קאַרל טאָמאַס**

ווייל דו האָסט מיך נישט ליב?

**עווא בערג**

ווי מאָדנע דו רעדסט. ווייל עס וואָלט געווען אַ צופאַל. ווייל איך וואָלט עס נישט געדאַרפט צו האָבן.

**קאַרל טאָמאַס**

אויב איך רעד אַצינד נאַרישקייטן, פאַלשע ווערטער, לייג נישט דערויף קיין אַכט, הער דאָס אומגעזאָגטע, וואָס דו אַליין ביסט אויך אין דעם זיכער. איך דאַרף דיך האָבן. איך האָב דיך געפונען אין טעג, ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט צום האַרצקלאַפּן פונם לעבן, ווייל דאָס האַרצקלאַפּן פונם טויט איז געגאַנגען, לויטער און זיכער. איך געפין מיך נישט אין אָט דער צייט. העלף מיר, העלף מיר! דער פּלאַם, וואָס האָט געגליט, איז פאַרלאָשן.



**עווא בערג**

האָסט אַ טעות. ער גליט אַנדערש. אָן פּאַטאָס.

**קאַרל טאָמאַס**

איך פיל עס נישט אין ערגעץ.

**עווא בערג**

וואָס זעסטו? האָסט מורא פאַרן דרויסנדיקן טאָג.

**קאַרל טאָמאַס**

רעד אַנדערש.

**עווא בערג**

לאָז מיך רעדן. אַ סוף לאָמ ר מאַכן. אָדער געפינסט אין זיך אַ כּוח צום נייעם אָנהייב, אָדער די גייסט צום גרונד. האַלטן דיך, אויס רחמנות, און פאַלשע חלומות, וואָלט געווען אַ פאַרברעך.

**קאַרל טאָמאַס**

איז האָסטו רחמנות?

**עווא בערג**

וואָ־שיינל־ך. איך ווייס נאָך אַ־יין נישט גענוי. נישט אַלץ געש־ט מחמת איין סיבה.

**קאַרל טאָמאַס**

וועלכע איבערלעבעניש האָט דיך אַזוי פאַרהאַרט אין אָט די יאָרן?

**עווא בערג**

ווידער געברויכסטו ווערטער, וואָס האָבן שוין נישט קיין קיום. איך בין געווען אַ קינד — אמת. מיר קאָנען זיך שוין אָבער נישט דערלויבן צו זיין קינדער. מיר קאָנען באַוואוסטזיניקייט, וויסן, וואָס איז אונז צוגעוואָקסן, נישט וואַרפן מער אין ווינקל, ווי שפּילעכלעך. איבערלעבעניש — אוודאי, איך האָב אַ סך איבערגעלעבט. מענער און געשעענישן. זינט אַכט יאָר אַרבעט איך אַזוי, ווי פריער האָבן נאָר מאַנסלייט געאַרבעט. זינט אַכט יאָר בין איך דער באַלעבאָס איבער יעדער שעה פון מיין לעבן. דערפאַר בין איך אַזאַ. ווי איך בין... מיינסטו, אַז עס איז מיר לייכט אָנגעקומען? אָפט, ווען איך פלעג זיצן

אין איינעם פון אָט די מעבלירטע צימערן, פלעג איך מיך ווארפן אויפן בעט... האָב געוואָיעט, האָב געהוילט, חי כ'וואָלט פאַרוואונדעט געווען. האָב געמיינט, אַז כ'קאָן נישט לעבן ווייטער... דעמאָלט איז געקומען די ארבעט. די פאַרטיי האָט מיך געדאַרפט האָבן. איך האָב צוזאַמענ־געביסן די ציין און... זיי פארשטענדיק, קאַרל. איך מוז גיין צו דער ארבעט.

*פריץ און גרעטע קוקן אריין אין דער טיר. פארשווינדן ווידער*

**עווא בערג**

בלייב דהיינט דאָ. דאַרפסט געלט? זאָג נישט ניין פון נאַרישן כבוד־געפיל. איך העלף דיר אַלס חבר, און פאַרטיק. אַדיע.

*עווא בערג אָפּ. קארל טאמאס בלייבט א ווײלע אליין. פריץ און גרעטע, דער באלעבאסטעס קינדער, עפענען די טיר, קוקן נייגעריק ארום*

**פריץ**

מען קאָן אַריינגיין?

**גרעטע**

מיר ווילן אייך זעען.

**קאַרל טאָמאַס**

יאָ, קומט אַריין.

*פריץ און גרעטע אריין, ביידע קוקן אן קארלען*

**פריץ**

מיר מוזן באַלד אַוועקגיין.

**גרעטע**

מיר האָבן בילעטן אין קינאָ.

**פריץ**

און היינט אָונט גייען מיר אויפן ־באָקסן־קאַמף. ווילט איר זיך אַביסל אויסבאָקסן?

**קאַרל טאָמאַס**

ניין, איך קאָן נישט באָקסן.

**פריץ**

אַזוי.



**גרעטע**

אָבער טאַנצן קאָנט איר, אמת? קענט איר נישט טשאַרל־סטאָן אָדער בלעק־באָטאָם?

**קאַרל טאָמאַס**

ניין, אויך נישט.

**גרעטע**

אַ שאָד... איר זענט טאַקע געווען אַכט יאָר אין משוגעים־הויז?

**פריץ**

זי וויל נישט גלייבן.

**קאַרל טאָמאַס**

ס'איז אמת.

**גרעטע**

און פריער זענט איר געווען פאַרמשפּעט צום טויט?

**פריץ**

מאַמע האָט עס אונז פאַרציילט. זי האָט עס געלייענט אין צייטונג.

**קאַרל טאָמאַס**

אייער מוטער פאַרדינגט צימערן?

**גרעטע**

יאָ.

**קאַרל טאָמאַס**

אייער מוטער איז אָרעם?

**פריץ**

רייך זענען היינט גאָר די שפּעקולאַנטן, זאָגט מאַמעשי אַלעמאָל.

**קאַרל טאָמאַס**

ווייסט איר אויך, פאַרוואָס איך בין פאַרמשפּעט געוואָרן צום טויט?

**גרעטע**

ווייל איר זענט געווען אויף דער מלחמה.

פ ר י ץ

גאַנץ! ווייל ער איז געווען אויף דער רעוואָלוציע.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

וואָס ווייסט איר וועגן דער מלחמה? מאַמעשי האָט אייך פאַרציילט וועגן איר?

ג ר ע ט ע

ניין, מאַמעשי נישט.

פ ר י ץ

אין דער שול מוזן מיר דאָך לערנען וועגן אַלע שלאַכטן.

ג ר ע ט ע

אין וועלכע טעג זיי זענען פאָרגעקומען.

פ ר י ץ

א ליגן, אַז די מלחמה האָט געמוזט קומען, גלייך ס'וואָלט אונז געפעלט נאָך צו לערנען פון געשיכטע. פון 1618—1648 האט געדויערט די דרייסיק-יעריקע מלחמה.

ג ר ע ט ע

דרייסיק יאָר!

פ ר י ץ

פון יענער מלחמה מוזן מיר וויסן אַ העלפט שלאַכטן, ווי פון אָט דער וועלט-מלחמה.

ג ר ע ט ע

און דערצו האָט זי געדויערט נאָר פיר יאָר.

פ ר י ץ

די שלאַכט ביי לוטיך, די שלאַכט ביי מאַרנע, די שלאַכט ביי ווערדון, די שלאַכט ביי טאַננענבערג...

ג ר ע ט ע

און די שלאַכט ביי איפערן.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

מער ווייסט איר נישט וועגן דער מלחמה?

פ ר י ץ

פאַר אונז איז דאָס גענוג.



ג ר ע ט ע

אוודאי! דאָס לעצטע מאָל האָב איך געקריגן אַ שלעכטן באַלעם, ווייל איך האָב פאַרטוישט 1916 מיט 1917.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

און... וואָס ווייסט איר וועגן דער רעוואָלוציע?

פ ר י ץ

וועגן איר דאַרפן מיר נישט לערנען אַזוי פיל צאָלן זי איז אַ סך איינפאַכער.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

וואָס פאַר אַ באַטייט האָט ליידן און באַוואוסטזיין פון מיליאָנען, ווען שוין דער נאָנטסטער דור איז טויב דערצו? די גאַנצע דערפאַרונג גייט לאבוד.

פ ר י ץ

וואָס זאָגט איר?

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

ווי אַלט זענט איר?

ג ר ע ט ע

דרייצן.

פ ר י ץ

פופצן.

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

און ווי הייסט איר?

פ ר י ץ

פריץ

ג ר ע ט ע

גרעטע

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

וואָס איר האָט געלערנט וועגן דער מלחמה איז אומזיניק. איר ווייסט גאָרנישט וועגן דער מלחמה.

פ ר י ץ

אָהאָ!

קארל טאָמאַס

ווי אזוי זאל איך אייך שילדערן ?... מאמעס ווערן... ניין.
זאָגט מיר, וואָס שטייט דאָ, אויפן עק גאַס ?

פריץ

אַ גרויסע פאַבריק.

קארל טאָמאַס

וואָס ווערט דאָרט געמאַכט ?

פריץ, גרעטע

עסעדיקע זאַכן... גאַז.

קארל טאָמאַס

יאָסער גאַז ?

גרעט

ווייס איך נישט.

פריץ

איך ווייס : גיפטגאַז.

קארל טאָמאַס

צו וואָס נוצט דער גיפטגאַז ?

פריץ

ווען די שונאים וועלן אויף אונז אָנפאַלן.

גרעטע

יאָ, קענען די שונאים, ווען זיי וועלן חרוב מאַכן אונזער לאַנד.

קארל טאָמאַס

ווער זענען דען אייערע שונאים ?

פריץ, גרעטע שווייגן

קארל טאָמאַס

גיב מיר דיין האַנט, פריץ... וואָס וואָלט געוואָרן מיט אָט דער האַנט, ווען אַ קויל וואָלט זי אַדורכגעלעכערט ?

פריץ

אַ שיינעם דאַנק. פוטש !

קארל טאָמאַס

וואָס וואָלט געוואָרן מיט דיין פנים. ווען אַ שנירל גיפט-



גאַז וואָלט עס אַרומגענומען ? האָסט געלערנט וועגן דעם אין שול ?

גרעטע

כ'ווייס ! ווערט צעפרעסן. ביין ביין. און דאַן שטאַרבט מען.

קארל טאָמאַס

ווילסטו שטאַרבן ?

גרעטע

איר פרעגט לעכערלעך. אוודאי נישט.

קארל טאָמאַס

נו, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה. נישט קיין אויסטראַכטעניש. אַ מעשה, וואָס איז געשען. וואָס איך בין אַליין געווען דערביי. בשעת דער מלחמה בין איך געלעגן ערגעץ-וואו אין פראַנקרייך אין אָקאָפּע. פּלוצלונג, ביינאַכט, הערן מיר אַ געשריי, אַזוי ווי פון אַ מענטש, וואָס האָט שרעקלעכע יסורים. דערנאָך איז געוואָרן שטיל. מסתמא איז עמעצער געשאָסן געוואָרן צום טויט, האָבן מיר געמיינט. נאָך אַ שעה האָבן מיר ווידער דער-הערט אַ געשריי, און עס האָט שוין מער נישט אויפגע-הערט. א גאַנצע נאַכט האָט געשריגן אַ מענטש. אַ גאַנצן טאָג האָט געשריגן אַ מענטש. וואָסאַמאָל יאָמערלעכער. וואָס אַמאָל הילפלאָזער. אַז עס איז געוואָרן פינסטער, זענען אַרויס צוויי זעלנער פון די אָקאָפּעס און האָבן געוואָלט אַריינגעמען דעם מענטש, וואָס איז געלעגן אַ פאַרוואונדעטער צווישן די אָקאָפּעס. קוילן האָבן גע-קנאַלט, און ביידע זעלנער זענען דערשאָסן געוואָרן. ווידער האָבן צוויי געפרווט. זיי זענען אויך נישט צוריקגעקו-מען. דאַן איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז קיינער טאָר נישט אַרויס פון אָקאָפּע. מיר האָבן געמוזט פאָלגן. אָבער דער מענטש האָט ווייטער געשריגן. מיר האָבן נישט געוואוסט, צי איז ער געווען אַ פראַנצויז, צי אַ דייטש, צי אַן ענגלענדער. ער האָט געשריגן, ווי אַ זייג-

קינד, הויל, אָן וועטער. פיר טעג און פיר נעכט האָט ער געשריגן. פאַר אונז זענען עס געווען פיר יאָר. מיר האָבן זיך געשטאָפּט פּאַפּיר אין די אויערן אריין. עס האָט נישט געהאָלפן. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. אָך, קינדער, ווען איך זאָל קאָנען אייך איבערגעבן, פאַנטאַזיע אין אייך צו פלאַנצן, ווי קאָרן אין שוואַרצער ערד. קאָנט איר אייך דען פאָרשטעלן, וואַס דאָ איז געשען?

פ ר י ץ

יאָ.

ג ר ע ט ע

דער אָרעמער מענטש.

ק א ר ל ט אָ מ אַ ס

יאָ, קינד, דער אָרעמער מענטש! נישט: דער שונא. דער מענטש. ד ע ר מ ע נ ט ש ה אָ ט ג ע ש ר י ג ן. אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד און אין יאַפּאַן און אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד. אין אַזעלכע שעהן, ווען דו — ווי זאָל איך עס אייך זאָגן — גראָבסט אין זיך טיף, פרעגסט מען זיך: פאַרוואָס דאָס אַלץ! צוליב וואָס דאָס אַלץ? וועט איר אויך אַזוי פרעגן?

פ ר י ץ, ג ר ע ט ע

יאָ.

ק א ר ל ט אָ מ א ס

אין אַלע לענדער שטעלן זיך די מענטשן די זעלבע פראַגע. אין אַלע לענדער געבן זיך די מענטשן דעם זעלביקן ענטפער. צוליב גאָלד, צוליב לאַנד, צוליב קוילן, צוליב בלויז טויטע זאַכן. צוליב אָט דעם שטאַרבן די מענטשן, הונגערן, ווערן משוגע. אַזוי הייסט דער ענטפער, און דאָ און דאָרט זענען די מוטיקסטע פון צווישן פאָלק אויפגעשטאַנען, האָבן גערופן די בלינדע צו זאָגן זייער שטאַרקן ניין, האָבן געוואָלט, אַז אָט די מלחמה זאָל אויפהערן און אַלע מלחמות, האָבן געקעמפט פאַר אַ וועלט, אין וועל-



כער ס'זאָל אַלע קינדער גוט זיין... ביי אונז האָבן זיי פאַרשפילט, זענען באַזיגט געוואָרן.

לאַנגע פויזע

פ ר י ץ

זענט איר געווען אַ סך?

ק א ר ל ט אָ מ א ס

ניין, דאָס פאָלק האָט נישט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס מיר קעמפן, נישט געזען, אַז מיר האָבן זיך מקריב געווען פאַר זיינעטוועגן.

פ ר י ץ

און אויף יענער זייט זענען געווען אַ סך?

ק א ר ל ט אָ מ אַ ס

זייער אַ סך. זיי האָבן געהאַט געווער און געלט און באַצאָלטע זעלנער.

פויזע

פ ר י ץ

און איר זענט געווען אַזוי נאַריש, געגלייבט, אַז איר קאָנט זיגן?

ג ר ע ט ע

יאָ, איר זענט זייער נאַריש געווען.

ק א ר ל ט אָ מ אַ ס קוקט זיי אָן

וואָס זאָגט איר?

פ ר י ץ

נאַראָנים זענט איר געווען.

ג ר ע ט ע

גרויסע נאַראָנים.

פ ר י ץ

מיר מוזן שוין גיין. קום, גרעטע.

ג ר ע ט ע

יאָ.

פ ר י ץ, ג ר ע ט ע

אַ גוטן טאָג. צום ווידערזען.

פויזע

עווא בערג קומט צוריק

**עווא בערג**

אַצינד קאָן איך מיט דיר פאָרן.

**קארל טאָמאס**

וואָס איז געשען?

**עווא בערג**

שלעכטער ענטפער.

**קארל טאָמאַס**

זאָג!

**עווא בערג**

מ'האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט צו דער ארבעט. דער וועכ-
טער האָט מיר געגעבן אַ באַפרייאונ:ס-בריװ. אַרויסגעיאָגט
פון דער אַרבעט.

**קארל טאָמאַס**

קילמאַן!

**עווא בערג**

ווייל איך האָב נעכטן נאָכמיטאָג גערעדט צו די אָפּגעזאָג-
טע אַרבעטערנס.

**קארל טאמאַס**

דער מנוול!

**עווא בערג**

וואונדערסט זיך? ווער ס'אַרבעט מיט ליים, מוז עס קאָ-
נען קנעטן.

**קארל טאָמאַס**

אַצינד האָסטו זיך איבערצייגט, עווא? קום. דאָ ליגט אַ
קורסבוך פון די באַנען. מיר פאָרן נאָך היינט ביינאַכט,
ווייטער! נאָר ווייטער, ווייטער!

**עווא בערג**

מיינסט אונז ביידע? עס האָט זיך גאָר נישט געענדערט.
מיינסטו טאַקע אויף אַן אמת, אַז איך וועל פאַרלאָזן די חברים?



**קארל טאָמאַס**

זיי מוחל.

**עווא בערג**

ווילסטו נישט אַרבעטן מיט אונז?... באַדענק זיך.

עווא בערג אָפּ

קארל טאָמאַס קוקט זי אָן

טונקל

## פילמיש צווישנבילד

**פאָרשטאָט פון אַ גרויסער שטאָט**

פאבריקן

פאבריק-קוימענס

סוף ארבעטס-טאג

ארבעטער גייען פון פאבריק

המון אין די גאסן

## צווייטע סצענע

ארבעטער-רעסטאראן

דאס חינטערשטע אויסגעהויבענע צימער איז איינגעריכט אלס וואל-ביורא. ביים טיש דער וואל-פארזיצער, לעבן אים די בייזיצער. רעכטס 'דאס וואל-ביידל, דער ארייננאנג געווענדט צום פובליקום. פון פארנט ביי טישן — שטאם-געסט. ווען מען שמועסט ביי איין טיש, איז ער העל-באלויכטן, דאס איבעריקע צימער — טונקל.

ארײַן דריטער ארבעטער

**דריטער אַרבעטער**

אָהאָ. ס'רוישט. דער שווינדל בליט,

**צווייטער אַרבעטער**

מענטש, שווייג שוין אַמאָל. מיט דיין בלוטאָרעמען אַנאַרכיזם קאָן מען אַזוי אויך נישט גיין ווייטער.

**דריטער אַרבעטער**

איר מיט אייערע וואַלן קומט אַ סך ווייטער.

**ערשטער אַרבעטער**

אַלץ האָט זיין רעכטפאַרטיקונג. אפילו די וואַלן. אַנישט וואָלטן זיי נישט געווען. און אַז ביסט אַזאַ שוטה, וואָס קאָנסט עס אפילו נישט פאַרשטיין...

**דריטער אַרבעטער**

נאָר די נאַרישסטע קעלבער ווײלן זיך אויס אייגענע קצבים.

ערשטער ארבעטער
מיינסטו אונז?
צווייטער ארבעטער
אין די ציין אריין זיך פארוואלט?
פון הינטן
וואל-פאָרזיצער
רויק דאָרטן. מען קאָן דעם אייגענעם קול נישט
הערן... ווי הייסט איר?
אלטע פרוי
באַרבאַרא שטאָלצער.
וואל-פאָרזיצער
וואו וואוינט איר?
אלטע פרוי
פון ערשטן אָקטאָבער וועל איך וואוינען אויף שול-גאַס
נומער זיבן.
וואל-פאָרזיצער
וואו וואוינט איר איצט, וויל איך וויסן.
אלטע פרוי
אויב דער ווירט מיינט, אז ער וועט מיך עקסמיטירן,
ווייל איך האָב אים פארקלאָגט אין וואוינונגס-אמט...
מאַרגארעטנגאַס, עלף, פערטער שטאָק.
וואל-פאָרזיצער
שטימט.
אלטע פרוי בלייבט שטיין
וואל-פאָרזיצער
איר קאָנט אָפּגעבן אייער שטים.
אלטע פרוי
איך בין נאָר געקומען, ווייל מען שמועסט, אז זיי באַ-
שטראָפן יעדן איינצקן, וואָס שטימט נישט.
וואל-פאָרזיצער
אלזאָ, ליבע פרוי, נעמט א בלייפעדער, צייכנט אָן א צלם



אונטער דעם נאָמען פון אייער קאנדידאט און ווארפט עס
אריין אין דער אורנע דאָרטן.
אלטע פרוי
איך האָב נישט קיין שטימצעטל, הערר פאָליציי-קאָמיסאַר...
איך האָב נישט געוואוסט, אז איך מוז מיטברענגען
א שטימצעטל... נישט מעגלעך אלץ צו וויסן, ביי דעם
שלל פאראגראפן אייערע...
וואל-פאָרזיצער
איך בין נישט קיין פאָליציי-קאָמיסאר. איך בין דער וואל
פאָרזיצער. דאָרט שטייען די צעטל-טיילער. נעמט איין
צעטל און קומט ווידער צוריק.
וואל-ארבעט גייט ווייטער
אלטע פרוי גייט אויף פארנט
ערשטער אגיטאטאָר
דאָ, פריילן, אונטער דעם גומער איינס מוזט איר מאַכן
אייער צלם. דאָ ווילט איר דעם אמתדיקן פרעזידענט.
קריגס-מיניסטער וועט זאָרגן פאַר רו און אָרדענונג און
פאר די פרויען.
אלטע פרוי דרייט אומאנטשלאסן דאס צעטל אויף אלע זייטן
צווייטער אגיטאטאָר
נו, מוטערל, אייער צלם מוזט איר אונטערשרייבן אונטער
נומער צוויי. ווילט איר, אז קוילן זאָלן ביליקער ווערן
און ברויט?
אלטע פרוי
אַ שרעק, ווי די פרייזן זענען ווידער געשטיגן.
צווייטער אגיטאטאָר
אלץ — די גרויסע גראריער, מוטערל. זיי מאכן די אפּותיקא.
דאָ שמעלט דעם צלם, ווייל איר שטימט פאַר פאָלקס-
שלום.
אלטע פרוי דרייט אומאנטשלאסן דאס צעטל אויף אלע זייטן

**דריטער אגיטאַטאָר**

אַלס קלאַסנבאַוואוסטע פּראָלעטאַריערן שטימט פאַרן נומער דריי. אָפּענע דיבורים, חברטע. רו און אָרדענונג — אַ ליגן. רו און אָרדענונג פאַר די קאַפּיטאַליסטן, נישט פאַר אייך. פאָלקס-שלום — אַ בבא-מעשה. לעקט זיי די הענט, קושט זיי אין אָחור. אַנישט — מיטן שטיוול איבערן קאָפּ. דער צלם אונטער דעם נומער דריי — אָדער איר טוט זיך אַליין אָן אַ פּעטלע אויפן האלז.

**אַלטע פרוי** דרייט אומאנטשלאסן דאס צעטל אויף אלע זייטן

**ערשטער אַגיטאַטאָר**

אונטער נומער איינס, פריילן! פאַרגעסט נישט!

**צווייטער אַגיטאַטאָר**

אונטער נומער צוויי, מוטערל!

**דריטער אַגיטאַטאָר**

נאָר דער נומער דריי העלפט צעברעכן די קייטן, חברטע!

**אַלטע פרוי** גייט צו דעם וואל-טיש

**וואַל-פּאָרזיצער**

האָט איר שוין אייער שטימצעטל?

**אַלטע פרוי**

יאָ, דריי שטיק.

**וואַל-פּאָרזיצער**

נאָר איינעם אַריינוואַרפן, אַנישט איז אייער שטימע אונגילטיק.

**אַלטע פרוי** גייט אין דעם וואל-ביידל

**אַלטע פרוי**

כ'דאַרף ווידער ארויסגיין?

קומט ארויס

**אַלטע פרוי**

אַ גוטע נאַכט, הערר פּאָליציי-קאָמיסאַר! ביים ארויסגיין צו די אגיטאטארן

שוין גוט, שוין גוט, רעגט אייך נישט אויף, כ'האָב געמאַכט אונטער יעדן אַ צלם.

ביים טיש לינקס



**צווייטער אַרבעטער**

די ווייבער געבן וואַל-רעכט — נאָר די גלחים געניסן דערפון.

**צווייטער אַרבעטער**

פריער, ווען כ'האָב געהאַט אַרבעט, בין איך אַ גאַנצן חודש נישט אַזויפיל אויסגעזעסן אין רעסטאָראַן, ווי אַצינד אין איין טאָג.

**ערשטער אַרבעטער**

און דיין פּלונית? גלעט דיך איבערן בעקל. ביסט נישקשה צעקראַצט.

**צווייטער אַרבעטער**

פון אָט דער אונטערשטיצונג קאָנען מיר פיר טעג פרעסן הערינג מיט מאַרמאָלאַד און דריי טעג לייגן די ציין אין בייטל אַריין. ס'קומט אויס פינקטלעך — אַ גאַנצע וואָך.

**ערשטער אַרבעטער**

גיי איך נעכטן אַרויס פון דער טיר, שטייט דרויסן פאַר דער שענק אַ גביריש ווייבל מיט ערשקלאַסיקע שפּיצן פאַרשטייסטו מיך, פול חזיר-פליש אויבן און אונטן, און זאָגט זאַנפט: „אַ רחמנות נעבעך אויף די מענטשן". אַזוי האָב איך געענטפערט: פרוי קאָמערצראַט, זאָג איך ס'וועט נאָך אַמאָל מסתמא קומען אַזאַ צייט, ווען איר וועט זיין צופרידן, וואָס איך האָב אויף אייך רחמנות" האָב איך געזאָגט.

**צווייטער אַרבעטער**

אויפהענגען דאַרף מען זיי, נישט אַנדערש, ווי אויסהענגען, אַלע אינאיינעם.

**ערשטער אַרבעטער**

מיר וועלן זיי ווייזן ביי די וואַלן.

קארל טאמאס אריין

**קאַרל טאָמאַס** צום ווירט

ביי אייך פאַרקערט אַלבערט קראָל?

**ווירט**

ער איז נאָר וואָס געווען. וועט מסתמא גלייך צוריקקומען.

קאַרל טאָמאַס
איך וועל וואַרטן.

זעצט זיך רעכטס ביים טיש

פאַרן טיש פון וואַל-פּאַרזיצער

ווײַלער
דאָס וועל איך נישט דערלויבן!

וואַל-פּאָרזיצער
הערר סעקרעטאַר, אַ טעות...

ווײַלער
וואָס קאָסט מיך מיין שטימרעכט. איך וועל אַריינטראָגן אַן אָנקלאָג קעגן די וואַלן! די וואַלן מוזן ד׳ערקלערט ווערן פאַר אומגילטיק! איך וועל נישט שווייגן! איך וועל גיין ביז צו די העכסטע אינסטאַנצן!

וואַל-פּאָרזיצער
איך בין מודה, אַז וואָס מ׳האָט אייך נישט אַריינגעטראָגן אין דער ליסטע, איז אַ גרויס אומרעכט...

ווײַלער
בין איך דערפון געהאָלפן! מיין רעכט וויל איך! מיין רעכט!

וואַל-פּאָרזיצער
לויטן געזעץ דאַרף איך נישט...

ווײַלער
מיר דאָס רעכט צונעמען — דאָס דאַרפט איר יאָ. איך וועל דאָ מאַכן אַן אָרדענונג! איך וועל די פאַלשקייטן דעמ׳ס־קירן!

וואַל-פּאָרזיצער
באַדענקט זיך, הערר סעקרעטאַר, געדענקט וועלכע אומרוען אין פאָלק...

ווײַלער
ס׳מיר אַלץ איינס. רעכט מוז בלייבן רעכט...

צווייטער בייזיצער
ביטע זייער, הערר סעקרעטאַר...



וואַל-פּאַרזיצער
אַלס בירגער פון דער מלוכה וועט איר דאָך געוויס נישט וועלן, אַז...

ווײַלער
איך וועל אין דער פּרעסע, שוואַרץ אויף ווייס. דאָ שטעקט עפּעס. גראָד מיט מיר מוז עס געשעען. אַלעמאָל מיט מיר געשעען, תמיד, תמיד, תמיד! אָבער אַצינד — אַ סוף!

לויפט ארויס, שטויסט זיך אין דער טיר צוזאמען מיט אלבערט קראל, וואס קומט אריין

אלבערט קראל שטייט פארחושט, דערקענט קארל טאמאסן

אַלבערט קראָל
גוטער ברודער!

קאַרל טאָמאַס
סוף כל סוף דיך געפונען.

אַלבערט קראָל
אָרעמער יונג. שלעכטע צייטן געווען. פאַר אונז אויך. אַרבעט געפונען?

קאַרל טאָמאַס
זעקס מאָל בין איך געווען אויף דער אַרבעט-בערזע. איך האָב זיך דאָך געלערנט פאַר אַ זעצער, ווען זיי האָבן מיך ארויסגעוואָרפן פון אוניווערסיטעט. אַ טייל סעקרעטאַרן זענען באַקאַנטע! ווי דירעקטאָרן אין די בענק. קאַלטע פאַרשוינען, נאָך ערגער ווי די אמתדיקע. קאָנען אויך אַרבעטן אין אַנדערע געשעפטן.

אַלבערט קראָל
די אַלטעגלעכקיים.

קאַרל טאָמאַס
דו זאָגסט עס, אַזוי ווי עס וואָלט מוזן אַזוי זיין.

אַלבערט קראָל
ניין. אָבער עס אַרט מיך שוין נישט. וואַרט איין ווײַלע איך גיי אַרויף, איך געהער צו דער וואַל-קאָמיסיע. מען מוז די מנוולים קוקן אויף די הענט.

צווייטער בייזיצער

אַ באַטייליקונג דאָס אַביסל! אַ באַטייליקונג! אין אַ שעה אַרום ווערן ערשט געענדיקט די וואַלן – און שוין אַכ־ציק פּראָצענט. אַכציק פּראָצענט!

אַלבערט קראָל

דרייהונדערט אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט, ווייל זיי זע־נען נישט אַריינגעטראָגן אין דער ווייַלער-ליסטע.

וואַל-פּאָרזיצער

איך בין נישט שולדיק. די אַרבעטער פון דער כעמישער פאַבריק האָבן געמוזט אויסגעשטראָכן ווערן. זיי וואוינען נאָך דאָ נישט קיין פיר חדשים.

אַלבערט קראָל

אָבער די סטודענטן האָבן וואַל-רעכט! זינט ווען וואוי־נען זיי דאָ? זינט דריי וואָכן!

וואַל-פּאָרזיצער

דאָס אינערן-מיניסטעריום האָט אַזוי פאַראָרדנט, נישט איך.

אַלבערט קראָל

מיר וועלן אַריינטראָגן אַן אָנקלאָג קעגן די וואַלן.

צווייטער בייזיצער ביים טעלעפאָן

איז דאָרט זעקסטער ראַיאָן? וויפל האָבן געשטימט? פינפאונזעכציק פּראָצענט? ביי אינז אַכציק! הענגט אוועק דאס טרייבל מיינע הערן, אונזער ראַיאָן גייט פאָרויס, און איר ווילט אַריינטראָגן אַן אָנקלאָג...

אלבערט קראל גייט-צו צו קארל טאמאס

אַלבערט קראָל

קילמאַן האט ביי די אַרבעטער פון כעמישער פאַבריק צוגערויבט זייער וואַלרעכט!

קאַרל טאָמאַס

פון מיינעטוועגן. סאַראַ אונטערשיד. אַלבערט, חבר, וואָס



איז געוואָרן פון אונזער קאַמף! געשעפט – האָב איך פריער געזאָגט. יעדער זיצט אויף זיין פּאָסטנדל. פענ־סטערל איינס... פענסטערל צען... פענסטערל צוועלף. קיין פרישער הויך. די לופט הויכט אין דיר אַריין אָרדענונג. מיר האָט געפעלט עפּעס אַ פּאַפּיר, האָב איך געמוזט נאָכאַמאָל איבערגעבן די פּאַפּירן אין אַלע אינסטאַנצן, פון אָנהייב ביז אַראָפּ. עס שימלט מיט ביוראָ־קראַטיע.

אַלבערט קראָל

מיר ווייסן. מיר ווייסן נאָך מער. די, וואָס האָבן אונז פאַרראַטן אין די טעג פון דער אַנטשיידונג, נעמען היינט ווידער הויכע טענער.

קאַרל טאָמאַס

און איר דערלאָזט עס דערצו?

אַלבערט קראָל

מיר קעמפן. מיר זענען צו ווייניק. דאָס רוב האָט פאַר־געסן, ווילן זיך לעבן בשלום. מיר מוזן געווינען פרישע חברים.

קאַרל טאָמאַס

הונדערטער טויזנטער זענען אַרבעטסלאָז.

אַלבערט קראָל

שלייכט זיך הונגער אין איין טיר אריין, שלייכט זיך שכל דורך אַנדערער טיר אַרויס.

קאַרל טאָמאַס

רעדסט ווי אַן אַלטער מענטש.

אַלבערט קראָל

אַזעלכע יאָרן זענען יאָרצענטליקער. מען לערנט זיך.

קאַרל טאָמאַס

דאָס האָט הערר מיניסטער קילמאַן אויך געזאָגט.

אַלבערט קראָל

קאָן זיין. ווייל ער דאַרף אַ סך באַהאַלטן. איך זאָג דיר דעם אמת.

פּערטער אַרבעטער (קומט אַרײַן)

אַלבערט, פּאָליציי האָט פאַרהאַלטן אונזער משא-אויטאָמאָביל.

אַלבערט קראָל

פאַרוואָס?

פּערטער אַרבעטער

צוליב די בילדער! מיר האָבן חוזק געמאַכט פון קריגס-מיניסטער.

אַלבערט קראָל

ווײַלט גלײַך אַ דעלעגאַציע, זי זאָל זיך מיען אין מיניסטעריום.

פּערטער אַרבעטער

דאָס האָבן מיר שוין הײַנט אינדערפרי געטון וועגן די פאַרטײַלער פון די פלוגבלעטער, וואָס מ'האָט אַרעסטירט. קילמאַן נעמט קײַנעם נישט אָן.

אַלבערט קראָל

דאָס האָט ער געשענקט אַ מתנה דעם קריגס-מיניסטער... נו, גייט נאָכאַמאָל אין מיניסטעריום. טאָמער זאָגט ער זיך אָפּ, איז טעלעפאָנירט גלײַך.

(פּערטער אַרבעטער אָפּ)

אַלבערט קראָל

האָסט געהערט, קאַרל?

קאַרל טאָמאַס

וואָס גייען מיך דאָרטן אָן אייערע וואַלן. דײַן גלויבן ווײַז מיר, דעם אַלטן גלויבן, וואָס האָט אַמאָל ערד און הימל צוזאַמענגעבראַכט.

אַלבערט קראָל

דו מיינסט, אַז איך האָב שוין נישט מער? זאָל איך דיר דערציילן, וויפל מאָל מיר האָבן געוואָלט אויפברעכן אָט די פאַרשאָלטענע קייט? זאָל איך דיר אויסרעכענען די נעמען פון די אַלטע חברים, וואָס זענען געהרגעט



געוואָרן, פאַרשמאַכט געוואָרן אין תפיסה, פאַרפייניקט געוואָרן?

קאַרל טאָמאַס

נאָר דער גלויבן רעכנט זיך.

אַלבערט קראָל

מיר חילן נישט קיין חסד פון הימל. מען מוז זיך לערנען און זיך גײַכצײַטיק נישט לאָזן באַזיגן.

קאַרל טאָמאַס

די גרויסע פירער האָבן נישט אַזוי גערעדט.

אַלבערט קראָל

מיינסטו טאַקע אַזוי? איך שטעל זיך די זאַך פאַר אַנדערש. זיי זענען טראַגיק געגאַנגען. אונטער די פיס — גלאָז. און אַז זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, האָבן זיי געזען דעם תהום פון שנאה פון יענער זייט און נאַרישקייט אין דער אייגענער זייט. און זיי האָבן אפשר נאָך מער געזען.

קאַרל טאָמאַס

זיי וואָלטן גאָרנישט געטון, ווען זיי וואָלטן געוואָלט אויסמעסטן די טיפעניש אונטער זיך.

אַלבערט קראָל

אויסגעמאָסטן נישט. אָבער געזען — שטענדיק.

קאַרל טאָמאַס

אַלץ, וואָס איר טוט, איז פאַלש. איר מאַכט-מיט דעם וואַלשווינדל.

אַלבערט קראָל

און וואָס טוסטו? וואָס ווילסטו טון?

קאַרל טאָמאַס

עס מוז עפּעס געשען. איינער מוז ווײַזן אַ בײַשפּיל.

אַלבערט קראָל

איינער? אַלע. יעדן טאָג.

קאַרל טאָמאַס

איך מיין אין אַן אַנדער זינען. איינער מוז זיך מקריב

זיין. דאַן וועלן די הינקעדיקע אָנהייבן צו גיין. טעג
און נעכט האָב איך געביילט די פּויסטן קעגן מיין
שאַרבן. אַצינד ווייס איך, וואָס איך האָב צו טון.

אַלבערט קראָל

איך הער.

קאַרל טאָמאַס

רוק דיך צו. קיינער זאָל נישט הערן

רעדט שטיל מיט אלבערטן

אַלבערט קראָל

קיין שום נוצן וועסטו נישט ברענגען.

קאַרל טאָמאַס

נאָר אַזוי וועל איך זיך העלפן. דער עקל שטעקט מיר
שוין אין האַלז.

אלבערט קראל גייט צוריק צום טיש פון וואל-פארזיצער

אַלבערט קראָל

די פּאָליציי האָט פאַרהאַלטן אונזער אויטאָ. דאָס איז סאַ-
באָטאַזש אויף די אַרבעטער-קאַנדידאַטן.

אַ ווײַלער

אייער קאַנדידאַט איז דאָך אונטערגעקויפט פון אויסלאַנד!

אַלבערט קראָל

אַ ליגן! וואַל-רכילות!

וואַל-פאַרזיצער צו אלבערט קראל

איר דאַרפט נישט באַאיינפלוסן. צום ווײַלער דאָ
איז נישט קיין אינפאָרמאַציע-ביוראָ, הערר פליישער-
מייסטער.

אַלבערט קראָל

איך וויל קיינעם נישט באַאיינפלוסן. איך וויל נאָר זאָגן
דעם אמת.

צווייטער בייזיצער ביים טעלעפאן

ווי שפּעט איז בײַ אייך? אַכט פופציק?... יאָ, יאָ,
ביי אונז איז גרויסאַרטיק. ריזיקע באַטייליקונג. נאָר
וואָס געברענגט קראַנקע אויף טראָ בעטלעך הענגט נאָך דער



זייגער אין פינפטן ראַיאָן איילט זיך מיט אַכט מינוט-
אַכט מינוט! איך האָב עס אים נישט געזאָגט. אַזוי אַרום
וועלן מיר געוואויר ווערן זייער רעזולטאַט מיט אַכט מי-
נוט פריער.

אלבערט קראל גייט צום טיש פון קארל טאמאס

אַלבערט קראָל

צו פאַרמאַכן מיר דאָס מויל, ווען איך וויל זאָגן דעם
אמת. איך וועל עס נישט דערלאָזן.

קאַרל טאָמאַס

גרויסע העלדישקייט! אין דער אמתן זענט איר פּחדנים!
אַלע, אַלע, אַלע! הלוואי וואָלט איך געבליבן אין משו-
געים-הויז! יעצט עקלט מיך שוין אַפילו פון מיין פּלאַן.
פאַר וועמען? פאַר אַ סטאַדע פּחדנותדיקע וואַל-פּאָלי-
טיקער?

אַלבערט קראָל

דו ווילסט, אַז צוליב דיר זאָל די וועלט זיין אַן איי-
ביק פייערווערק מיט ראַקעטן און מיט לייכטנדיקע קוילן
און מיט שלאַכט-באָמבעס. דו ביסט דער פּחדן, נישט איך

ביים טיש לינקס

ערשטער אַרבעטער

ביסט שוין געווען וויילן?

צווייטער אַרבעטער

ניין, איך גיי אַצינד. פאַרוואָס זאָל איך נישט שטימען
פאַר פאָלקס-שלום, אויב די באַלעבאַטים פון אָט דער לינאַ
שטימען אויך דערפאַר? מיט דעם קילמאַנען מוז עפּעס
זיין נישט מיט אַלעמען, זאָג איך דיר. די באַלעבאָסטע
פון דער לינאַ האָט שכל אין קאָפּ. זי איז בכלל אַ פיי-
נע יענטע. זונטיק, ווען לינאַ גייט אַוועק, קומט אַלעמאָל
די באַלעבאָסטע אין קיך אַריין. לינאַ, זאָגט זי, איך ווינטש
אייך אַ פריילעכן זונטיק. און גיט איר די האַנט. יעדעס
מאָל.

ערשטער ארבעטער

טאָ גיב אכטונג.

צווייטער ארבעטער גייט צום וואל-טיש

פיקעל קומט אריין

פיקעל

אנטשולדיקט, דאָ קאָן מען שטימען?

די אגיטאטארן רינגלען אים ארום

ערשטער אגיטאַטאָר

רו אין אָרדענונג אין גאנצן לאַנד, מיט גאָט פאַר אונזער פאָטערלאַנד! נומער איינס!

צווייטער אגיטאַטאָר

וואך אויף, אָ, פאָלק כל זמן ס'נאָך גוט, נישט רעכטס, נישט לינקס, נאָר אין דערמיט! נומער צוויי.

דריטער אגיטאַטאָר

דער פרעזידענט פון נומער דריי, מאַכט ארבעטער און פויערן פריי! נאָר נומער דריי!

פיקעל

א דאַנק, אַ דאנק.

פיקעל גייט צום טיש פונם וואל-פארזיצער

וואל-פאָרזיצער

ווי הייסט איר?

פיקעל

פיקעל.

וואַל-פאָרזיצער

וואו וואוינט איר?

פיקעל

איך וואוין, אמת, אין האָלצהאַוזען, אָבער...

וואל-פאָרזיצער

איר זענט נישט אריינגעטראָגן אין דער וויילער-רשימה... שרייבט איר זיך מיט פע?

פיקעל

באלד, וועל איך אייך זאָגן... פיקעל... פיקעל. פע... פע...



נישט קיין צוויי פע... איך מוז אייך דערקלערן, אז...

וואַל-פאָרזיצער

וואָס ווילט איר דאָ? האַלט נישט אויף די וואַלן. דער ווייטערדיקער...

וואל-ארבעט גייט ווייטער

פיקעל גייענדיק, צו קארל טאמאס

כאָטש ס'איז מיר אפילו אלץ איינס, צי איך שטים צי נישט, אָבער פונדעסטוועגן וויל איך נישט זיין אומדאַנקבאַר קעגן דעם הערר מיניסטער... איך וויל אים געבן מיין שטים.

קארל טאָמאס

לאָזט מיך צורו.

פיקעל גייט צום דריטן ארבעטער

פיקעל

איך וואָלט שוין לאַנג אהיימגעפאָרן. איך האָב דאָ געוואָלט זיין נאָר איין טאָג, נאָר עס הערט דאָך נישט אויף צו רעגענען.

דריטער ארבעטער

אָ, ווען עס וואָלט דאָ אריינגערעגנט. די גאנצע בודע וואָלט אוועקגעשוואומען. אלץ איז שווינדל! די הינגנס דארף מען זיך אָפּווישן מיט אָט די צעטלען.

פיקעל

נישט דאָס האָב איך געמיינט. איך פאָר נישט אויף קיין רעגנדיק וועטער. איך האָב זעקס וואָכן געוואַרט, ביז איך בין געפאָרן צום מיניסטער, ווייל ס'איז כסדר געווען שלעכטע וועטערן.

באנקיר קימט

אגיטאטארן רינגלען אים ארום

באנקיר

א דאַנק.

גייט צום וואל-פארזיצער

**וואַל-פּאַרזיצער**

צו אייער דינסט, הערר גענעראַל-דירעקטאָר. הערר גענע-ראַל-דירעקטאָר, וואוינט איר נאָך כסדר אויפן אַפּאַראַ-פּלאַץ?

**באַנקיר**

יאָ. איך בין געקומען אַביסל צו שפּעט.

**וואַל-פּאַרזיצער**

ניין, נאָך גענוג פרי, הערר גענעראַל-דירעקטאָר. ביטע זייער, דאָרט.

באנקיר גייט אין דעם וואל-ביידל

**פּיקעל**

כ'האָב געהאַט אַ פעטער, וואָס אַ בליץ האָט אים דער-שלאָגן אין באַן. אמת, די באַן ציט איין דעם בליץ, נאָר פונדעסטוועגן זענען שולדיק די מענטשן מיט „ייִנגר נײַמאָדישער בהלה.

**וואַל פּאַרזיצער** צום באנקיר, וואס איז ארויס פון דעם וואל-ביידל

אייער דינער, הערר גענעראַל-דירעקטאָר.

באנקיר אפּ

**דריטער אַרבעטער**

אָט דער מאַכט אַ לעבן, נישט קיין אַנדערער, און די נאַרישע אַרבעטער שלינגען דעם שטויב.

**פּיקעל**

דער ראַדיאָ און די עלעקטרישע כוואַליעס, ברענגען אַ כאַאָס אין דער אַטמאָספערע. כאָטש...

**וואַל-פּאַרזיצער**

די וואַלן זענען געענדיקט.

**ערשטער אַרבעטער**

איך בין אָבער זייער נייגעריק.

**צווייטער אַרבעטער**

ווילסטו זיך געוועטן, אַז דער קריגס-מיניסטער פאַלט-אַדורך?



**דריטער אַרבעטער**

ער'ס געוויילט וועדן. אַזוי קומט אייך!

**צווייטער אַרבעטער**

פאַרמאַך דאָס מיסטקאַסטן, אַלטער אַנאַרכיסט!

**ראַדיאָ**

האלאָ, האלאָ! ערשטער וואַל-רעזולטאַט. צוועלפטער ראַ-יאָן. זיבן הונדערט פערצן שטימען פאר קריגס-מיניסטער עקסעלענץ פאָן וואנדסרינג, פיר הונדערט פערצן שטימען פאר מיניסטער קילמאן, זיבנאונזעכציק שטימען פאר מולער באנדקע.

**צווייטער אַרבעטער**

אָ!

**ערשטער אַרבעטער**

פאַלש.

**דריטער אַרבעטער**

בראַוואָ!

ערשטער און דריטער ארבעטער אפּ

**פּיקעל**

הערר וואַל-פּאַרזיצער, איר האָט נישט געוואַרט ענדיקן. איך פאָדער... כאָטש איך בין... אפילו, פונדעסטוועגן זאָגן מיר אין דער הויפּט-שטאָט כסדר... איך קען, צומבייִשפּיל, דעם הערר מיניסטער קילמאַן, איך בין מיט אים באַ-פריינדט...

**וואַל-פּאַרזיצער**

קלאָגט מיך אָן.

**פּיקעל**

אויב מיניסטער קילמאַן וועט דערהאַלטן איין שטים חינ-ציקער. געדענקט, אויב ס'וועט זיך האַנדלען אין מיין שטים.

**ראַדיאָ**

האלאָ! האלאָ! ידיעה פון אָסטהאַפען. זעקס טויזנט פאַר מולער באנדקע, פיר טויזנט פאר מיניסטער קילמאַן, צוויי טויזנט פאר עקסעלענץ פאָן וואנסדרינג.

המון אויף דער גאַס

הוראַ! הוראַ!

אַלבערט קראָל

די האַפן-ארבעטער! אונזערע וועטעראַנען! בראַוואָ!

קאַרל טאָמאַס

וואָס בראַוואָ? ווי אַזוי קאָנסטו זיך פרייען מיט וואַל-שטימען? איז עס אַ רעוואָלוציאָנערע טאַט?

אַלבערט קראָל

טאַט — ניין. אַ שפרינג-ברעט צו טאַטן.

ראַדיאָ

האַלאָ! האַלאָ! אין דער הויפּטשטאָט האָט לויט די לעצטע מעלדונגען די מערהייט מיניסטער קילמאַן.

המון אויף דער גאַס

זאָל לעבן קילמאַן! זאָל לעבן קילמאַן!

צווייטער ארבעטער

האָב איך נישט געזאָגט? מיינע דריי גלאָז ביר! באַצאָל ברודער!

ערשטער ארבעטער

ווער האָט דען גערעדט וועגן דריי גלאָז ביר? איין קופל, איז געוואָרן אָפּגערעדט.

צווייטער אַרבעטער

אַצינד קרעקסטו זיך!

ערשטער אַרבעטער

הער אויף, אַנישט...

פּיקעל

איך, פון מיין זייט, וועל נישט רוען... דער הערר מיניס-טער וואָלט געהאַט, ווען מיין שטים... ער וואָלט געהאַט נאָך אַ שטים... הגם ער איז סיי-ווי...

צווייטער בייזיצער

מיינע הערען, מיר האָבן געשלאָגן רעקאָרד. זיבנאונניינ-ציק פּראָצענט וואַל-באַטייליקונג! זיבנאונניינציק פּראָצענט!



קאַרל טאָמאַס

וואָלט איך דאָ כאָטש עפּעס פאַרשטאַנען! וואָלט איך כאָטש פאַרשטאַנען! צי בין איך אין אַ משוגעים-הויז אַריינגעפאַלן?

ראַדיאָ

האַלאָ! האַלאָ! האַלב צען וועלן מיר מעלדן דעם רעזולטאַט.

צווייטער אַרבעטער

איך שטעל אויף קילמאַנען. צען קופּל. ווער האַלט?

פּיקעל

איך וואָלט געהאַלטן. ווען איך וואָלט מיין שטים...

צווייטער בייזיצער

מיר מוזן עס געבן אין ציישונג. זיבנאונניינציק פּראָצענט וואַל-באַטייליקונג. דאָס איז נאָך נישט געווען. דאָס איז נאָך נישט געווען!

פּיקעל

ווען איר וואָלט מיר געלאָזט ווייל̄ן, דאַן וואָלט דער פּראָצענט...

טומל הינטער דער טיר. ארבעטער אריין

דריטער אַרבעטער

מוטער מעלער האָבן זיי דערהרגעט!

פערטער ארבעטער

די באַנדע. אַזאַ אַלטע פרוי!

אַלבערט קראָל

וואָס איז געשען?

פינפטער אַרבעטער

זי האָט געוואָלט אָנקלעבן אַ וואַל-פּלאַקאַט אויף דער כעמישער פאַבריק.

פערטער ארבעטער

מיט גומענעם שטעקן! אַזאַ אַלטע פרוי.

דריטער ארבעטער

צוּפגעוואָרפן אויפן טראָטואַר און — אויס!

פ י נ פ ט ע ר א ר ב ע ט ע ר

זינט ווען איז פארווערט אָנצוקלעבן פלוגבלעטער?

ד ר י ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

א פראגע! ווייל מיר האָבן פרייע וואלן.

פ ע ר ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

אין מיטן — אין קאָפּ אריין. אזא אלטע פרוי.

ק א ר ל ט אָ מ א ס

הערסט?

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

מאכט אָרט, חברים.

אלבערט קראל גייט צו דער טיר.

אין דער רגע ברענגט מען אריין די אנמעכטיקע פרוי מעלער

אלבערט קראל בעט איר אויס אויף דער ערד

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

אַ קישן... וואסער!...

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

באַוווסטלאָז. אָבער זי לעבט...

פ ע ר ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

אָן איין וואָרט. גלייך מיטן גומי-קנופּ. אזאַ אלטע פרוי.

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

קאַווע!

פ י נ פ ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

און די קאָנסטיטוציע! זיי וועלן מוזן זיין פאראנטוואָרטלעך.

ד ר י ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

פאַר וועמען? פאַר פּאָטערל ריכטער? מענטש, ביסט נאַיוו.

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

איך, מוטער מעלער.. רויק עטעמען... אָט אזוי... אצינד זעצט זיך ווידער אַנידער. דאָס איז דער קאַרל טאָמאַס. איר דערקענט אים?

פ ר ו י מ ע ל ע ר

דער קאַרל...



אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

וואָס איז געשען? איר קאָנט דערציילן?

פ ר ו י מ ע ל ע ר

אַך, אין פּלאַקאַט האָט געפעלט אַ פּונקט, האָט אים מיר איין מנוול געשטעלט מיט אַ גומענעם קנופּ אויפן רוקן. מיט פעטן דרוק... ווען האָבן זיי אַרעסטירט.

גערויש הינטער דער טיר

ערשטער און דריטער ארבעטער אריין מיט ראַידן

ע ר ש ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

אָט האָבן מיר אים געברענגט, דאָס ברודערל!

ד ר י ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

איך קען אים. אויף אַלע אונזערע פאַרזאַמלונגען איז ער דאָ. אַלעמאָל דער לינקסטער.

ע ר ש ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר

פּראָוואָקאַטאָר!

ע ט ל ע כ ע אַ ר ב ע ט ע ר וואַרפן זיך אויף ראנדן

אַ סוף מיט אים! אַ סוף!

אלבערט קראל שפרינגט אריין אינמיטן, נעמט אן ראנדן פארן ארעם מיט דער רעכטער האנט

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

רויק!

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

צום טייוול רויק! אַלץ זאָלן מיר אַראָפּשלינגען? דאָ האָט איר אייער וואל-נצחון!

קאַרל טאמאס וויל א זעץ טון ראנדן

אלבערט קראל כאפּט אן קארל טאמאסן מיט דער לינקער האנט

ק אַ ר ל ט אָ מ אַ ס

דו... דו... לאָז אָפּ!

אַ ל ב ע ר ט ק ר אָ ל

נעם אים צו, מוטער מעלער.

פערטער ארבעטער

אפשר זאָל מען פרעגן די פּאַרטיי?

אלבערט קראָל

די פּאַרטיי! וואָס זענען מיר — וויקל־קינדער?

ראנד

אַ דאַנק, הערר קראָל.

אלבערט קראָל

פונוואַנען קענט איר מיך?

ראנד

איך בין דאָך דעמאָלט געווען אייער אויפזעער.

פרוי מעלער

איי, צו אַלדי גוטע יאר. אַ שיינע באַגעגעניש. מיר דאַ אויסטרינקען צוזאַמען אַ גלעזל קאַווע.

ראנד

האָב איך אייך נישט כּסדר גוט באַהאַנדלט, הערר קראָל? איר מוזט עס מיר מודה זיין.

אלבערט קראָל

אַזוי גוט, אַז ווען מען האָט אייך באַפוילן „אומלייגן", האָט איר זיך איינער נאָכן אַנדערן געריסן... אַ קעלעכל — האַניקזיס, אַ פנימל — צום קושן. „ביסע זייער, מאַכט מיר נישט שווער, איך טו דאָך נאָר מיין חוב. איינגיכן וועט עס אויפהערן."

*ארבעטער לאכן*

ראנד

וואָס קאָן מען טון? איך בין אויך נאָר אַן אַרבעטער. איך מוז אויך לעבן. האָב פינף קינדער. און שכירות — אויסצוגיין. איך פיר נאָר אויס די באַפעלן, וואָס מען גיט מיר.

ערשטער ארבעטער

אָט איז דער רעוואָלווער, וואָס מיר האָבן ביי אים צוגענומען.



קאַרל טאָמאַס *שפּרינגט אויף, כאַפּט דעם רעוואלוועך, צילט אים אָן אויף ראנדן*

אלבערט קראָל *שלאָגט אים איבער די האַנט*

לאָז אָפּ! משוגעת!

*פרוי מעלער לויפט נאָך קארל טאמאס, שלעפּט אים צו זיך*

אלבערט קראָל

מיט וואָס האָט איר אייך אויסגעשטאָפּט דעם בויך? שלאַנקייט וואָלט אייך בעסער געפּאַסט. *ציט ארויס פלוגבלעטער פון האַנדס וועסט, לייענט* „חברים, היט אייך פאַר די יידן!..." „פרעמדע עלעמענטן". „לאָזט נישט, וואָס די חכמי־ציון... אַהאָ, אַן איבערצייגונג האָט איר אויך?

ראנד

אוודאי! די יידן...

אלבערט קראָל

וויפל פאַרדינט איר ביי אָט דער איבערצייגונג?... אַרויס! מאַרש! איין מאָל האָב איך אייך געשיצט... אַ צווייט מאָל וועל איך שוין נישט קאָנען — ווען איך זאָל אפילו וועלן.

*ראנד ארויס*

אַרבעטער

לאָמיר דיך נאָר כאַפּן!

קאַרל טאָמאַס

ניין, מוטער מעלער, ניין, לאָזט מיך איך וויל מיט אים רעדן... פאַרוואָס ביסטו זיך אַזוי איידל באַגאַנגען?

אלבערט קראָל

ווייל איך וויל פאָרן מיט פולן דאַמף, ווען די צייט דערלויבט מיר. מען דאַרף האָבן כּוח זיך איינצוהאַלטן.

קאַרל טאָמאַס

קילמאַן האָט אויך אַזוי געזאָגט.

אלבערט קראָל

נאַר.

קאַרל טאָמאַס

וואָס זאָל איך טון, כּדי אייך צו פאַרשטיין?

**אלבערט קראל**

אַרבעט ערגעץ.

**פרוי מעלער**

איך האָב אַן עצה, יונג. דער האָטעל, אין וועלכן איך אַרבעט, זוכט אַ געהילף-קעלנער. איך וועל רעדן מיטן אויבער. האָסט עפּעס אַ מלינה? קאָנסט שלאָפן ביי מיר.

**אלבערט קראל**

טו אַזוי, קאַרל, מוסט אריין אין טאָגטעגלעכן לעבן.

**פרוי מעלער**

געפעלסט מיר, אַלבערט. דערווייל טרינקסט מיר אויס מיין קאַווע... נאָך אַ גלעזל, הערר ווירט.

**פערטער אַרבעטער**

מיט גומענעם קנופּ. אַזאַ אַלטע פרוי...

ראַדיאָ

האַלאָ! האַלאָ!

ראדיא בלייבט שטום... כארכלט

**פיקעל**

די אטמאָספערע...

ראַדיאָ

דער קריגס-מיניסטער עקסעלענץ וואַנדסרינג איז מיט גרויסער מערהייט געווײלט געוואָרן פאַר פרעזידענט פון דער רעפּובליק.

בשעת

אויף דער גאס

געשריי, געזאנג

באווייזט זיך אויפן האריזאנט

דאס בילד פון

פרעזידענט

פארהאנג



# דריטער אקט

## ערשטע סצענע

קליינער צימער

סטודענט לייענט

מען קלאפט

**סטודענט**

ווער איז דאָרט?

אריין גראף לאנדע

**גראף לאנדע**

נו, וואָס זאָגט איר צום נייעם פרעזידענט?

**סטודענט**

זיכער — ער האָט די בעסטע כוונות.

**גראף לאנדע**

וואָס גייט עס אונז אָן... קילמאן איז געבליבן מיניסטער.

**סטודענט**

טאַקע?

**גראף לאנדע**

האָט איר אַ פּאַפּיראָס?.. אונזער קאמפּס-אָרגאַניזאַציע זאָל ווערן פאַרמאַכט.

**סטודענט**

וואָס? וואָס זאָגט איר?

גראף לאַנד

קילמאַן...

סטודענט

נו עס מוז דאָך עפּעס געשען. נאָר מיר רעדן בסדר וועגן דער גרויסער טאַט...

גראף לאַנדע

הינטער דער טיר הערט קיינער נישט אונטער?

סטודענט

ניין... וואָס האָט איר?

גראַף לאַנדע

דאָ.

סטודענט

דער באַשלוס?

גראף לאַנדע

לייענט.

גראף לאנדע גיט דעם סטודענט א בויגן פּאַפּיר

סטודענט

איך און לייטענאַנט פראַנק?

גראַף לאַנדע

יאָ, איר ביידע.

סטודענט

ווען?

גראף לאַנדע

כ׳קאָן אייך נישט זאָגן. איר דאַרפט זיין גרייט יעדע שעה.

סטודענט

ווי אומגעריכט דאָס איז געקומען.

גראַף לאַנדע

איר וואַקלט זיך? האָט איר זיך דען נישט צוויי מאָל געוועגדעט פרייוויליק? קאָנט איר דאָס דולדן, אַז דער זעליקער קילמאַן, וואָס איז מיט אַכט יאָר צוריק געשטעלט



געוואָרן צו דער מויער, זאָל חיינט פאַרראַטן אַלס מיניסטער דאָס פאָטערלאַנד?

סטודענט

וואַקלען זיך — ניין. עס אומגעדולדיקט מיך דאָס געפיל צו וואַרטן אויף דער טאַט

גראַף לאַנדע

דער ענין קומט אויס גוט. איר האָט געגעבן די שבועה די פאָטערלענדישע זאך האָט אייך דערויף ארויסגערוקט אַצנד וועט עס גלייך גיין פון אנקער.

סטודענט

און אז מיר וועלן שפּיאָנירט ווערן, געהעצט, געיאָגט... פאַר פאַרשלאָסענע גרענעצן?

גראַף לאַנדע

ערשטנס איז דאָס נאָך נישט זיכער. אויב איר וועט אריינפאַלן אין אַ שלעכטער לאגע, וועלן מיר אייך העלפן. וועט אייך געלינגען, איז גוט. וועט אייך נישט געלינגען... איז מוזט איר ברענגען דעם קרבן... איבעריקנס דארפט איר דאָך זיין זיכער, אז די ריכטער וועלן זיך ארויסווייזן פאַר קלוגע מענטשן און וועלן האָבן גענוג פארשטענדעניש פאַר אייערע מאָטיוון.

סטודענט

מעג איך איבערלאָזן אַ בריוו פאר מיין מוטער?

גראַף לאַנדע

אויסגעשלאָסן. די נאַציאנאלע זאך קאָן נישט זיין אָפּהענגיק פון צופאלן. איך קען די פחדנותדיקע אָפּאָרטוניסטן אין אונזערע רייען. יענע קאָנען מחמת פּאָליטישער טאַקטיק זיך פון אונז אָפּקערן.

סטודענט

איך פאַרשטיי דאָך אַזוי ווייניק פּאָליטיק. איך האָב אפילו די מלחמה נישט מיטגעמאַכט. איך בין געוואָרן אַ זעלנער, און אין אַ חודש ארום איז געשען דאָס אַלץ. איך האַס די רעוואָלוציע, אַזוי ווי איך האָב נאָך קיין

שום זאַך נישט געהאַסט. צוליב איין צופאַל. מיין פע־
טער איז געווען גענעראַל. מיר, יונגוואַרג, האָבן אים
פאַרגעטערט. לעצטנס האָט ער אָנגעפירט מיט אַ קאָרפּוס
זעלנער. דריי טעג נאָך דער רעוואָלוציע, איך זיץ ביי
אים, מען קלינגט. קומט אריין אַ מנוול. „איך בין סאָל־
דאַטנראַט. מען האָט אונז געזאָגט, הערר גענעראַל, אַז
איר פּראָוואָצירט דאָס פאָלק אויף דער גאַס מיט איי־
ערע שליפעס. היינט איז שוין מער נישטאָ קיין שליפעס.
אַלע האָבן מיר הוילע אַקסלען". מיין פעטער איז גע־
בליבן שטום, ווי אַ זייל. „זאָל איך אַראָפּנעמען מיינע
שליפעס?" „יאָ". מיין פעטער האָט גענומען די שווערד,
וואָס איז געלעגן אויפן טיש, אַרויסגעצויגן פון דער
שייד. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, האָב מיך נענ־
טער צוגערוקט, בין געבליבן שטיין האַרט לעבן אים.
מיטאַמאָל הער איך, ווי דער אַלטער האָט טרוקן אָפּגע־
הוסט. אין די אויגן איז געווען עפּעס פייכטס. „הערר
סאָלדאַטנראַט, פערציק יאָר האָב איך דעם ראָק פון
מיינע אויבערשטע מיליטער־שע געטראָגן מיט כבוד. איך
האָב איינמאָל דערלעבט צו זען, ווי מען האָט אַן אונ־
טעראָפיציר אַראָפּגעריסן די שליפעס צו שאַנד און צו
חרפה. דאָס, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר היינט, איז
דאָס נידערטרעכטיקסטע, וואָס עמעצער קאָן פון מיר
פאַרלאַנגען. אויב איך דאַרף שוין מער נישט טראָגן
דעם מונדיר אין כבוד, דאַן זאָל..." און דערביי האָט
ער איינגעבויגן די שווערד, צעבראָכן זי און אַ וואָרף גע־
טאָן דעם סאָלדאַטנראַט צו די פיס. דער סאָלדאַטנראַט איז
געווען הערר קילמאַן...

גראַף לאַנדע

אָט דער הונט...

סטודענט

אויפצומאָרגנס האָט זיך מיין פעטער דערשאָסן. אויף אַ
צעטל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, זענען געשטאַנען די



ווערטער: „איך קאָן נישט איבערלעבן די שאַנד פון
אונזער ליבן פאָטערלאַנד. זאָל מיין טויט דעם צעהיצטן
פאָלק עפענען די אויגן."

גראַף לאַנדע

מיין קאַריערע האָבן זיי אויך צעבראָכן. וואָס זענען
מיר היינט אין פאַרגלייך מיט אָט דער חברה? פערד־
באַדינער. און אין דער געזעלשאַפט תמיד זיבעצן
קילאָמעטער הינטער אַלע... מיר וועלן נקמה נעמען
פאַר אייער פעטער. דאָס פעבל מוז אָפּגעשמיסן ווע[ר]ן.

טונקל

## צווייטע סצענע

### פאַסאַד פון גראַנד האָטעל

די פעדערשטע וואנט עפנט זיך
ימערן פון גראנד האטעל
פלאן

גראנד האטעל
ראדיא-סטאַציע
98 | 97 | 96 אפן | 95 | 94 | 93 | 92 | 91 | 90 | W/C | 89 | 88 | 87
37 | 36 | 35 | W/C | 34 | 33 | 32 | 31 | 30 | 29 | 28 | 27 | 26
קלוב-צימער
וועסטיבול
באזונדער-צימער
שרייב-צימער
צימער פון דינערשאפט ביורא

ס׳וועט ליכטיק

וועסטיבול

טאַנצנדיקע פּאָרן

טונקל

צווישן די באַזונדערע סצענעס זעט מען מאָמענטן פון וועסטיבול. מען הערט דזשאַז-באַנד

ליכטיק

צימער פון דער דינערשאַפט

קאַרל טאָמאַס, אַנגעטון ווי אַ קעלנער, זיצט בײַם טיש

דורך דער טיר קוקט אַרײַן פרוי מעלער

פרוי מעלער

נאַ, יונג, אַ ביפשטיק. מ׳האָט עס צוריקגעשיקט פון אַ צימער. איך האָב עס אויף דער גיך אָנגעוואַרעמט.

קאַרל טאָמאַס

אַ דאַנק, מוטער מעלער. איך האָב נאָך פונקט פינף מינוט צײַט. אַכט אַ זייגער הייבט זיך אָן מײַן אַרבעט.

פרוי מעלער

און איך מוז אויך אַרײַן צוריק אין קיך צום וואַשן... ווי דו זעסט אויס! איך וואָלט דיך נישט דערקענט. צען יאָר יונגער. אָבער קאַרל, קאַרל, פאַרוואָס לאַכסטו כסדר?

קאַרל טאָמאַס

שרעקט אײַך נישט, מוטער מעלער. האָט נישט קיין מורא, אַז איך וועל ווידער משוגע ווערן. אומעטום, וואו כ׳האָב זיך געוווּנדערט נאָך אַרבעט, האָבן מיך די שעפן געפרעגט: „מענטש, פאַרוואָס האָט איר עפּעס אַזאַ פּנים ווי פון קבר אַרויס? איר וואָלט אונז דאָך אַוועקגעטריבן אַלע געסט. הײַנטיקע צײַט מוז מען לאַכן, תמיד לאַכן“. נו, בין איך אַוועק, ווײַל יונגקייט איז דער ספּאָרט פון רײַכע מענטשן, צו אַ שײַנקייטקינסטלער. און אָט בין איך. אמת, אַ שיינער בחור?



פרוי מעלער

יאָ, קאַרל. חעסט געפעלן די פרײַלנס. ס׳איז מיר תחילת געווען אַזוי אומהיימלעך... וואָס זיי פאַרלאַנגען דאָס אַלץ. אין קאָנטראַקט האָט מען זיך געמוזט מתחייב זײַן, צען שעה נאָכאַנאַנד צו לאַכן... נאַ, עס, יונגאַטש. איך מוז צוריקגיין אין קיך אַרײַן.

טונקל

לייכט אויף

באַזונדער-צימער

אַרײַן באַנקיר, זײַן זון, אויבערקעלנער, פּיקאַלאָ

באַנקיר

אַלץ שוין צוגעגרייט?

אויבערקעלנער

אָט איז דער טיש געדעקט. פאַרלאַנגט הערר גענעראַל-דירעקטאָר עפּעס צו ענדערן?

באַנקיר

גוט. פאַר מיר פּערזענלעך ברענגט עפּעס לײַכטס, איך טאָר נישט עסן קיין שווערס, מײַן מאָגן... אפשר בוליאָן, אַ שטיקל הינערן פלייש, קאָמפּאָט, אָבער נישט אָנגעצוקערט.

אויבערקעלנער

צו אײַער דינסט, הערר גענעראַל-דירעקטאָר.

די קעלנער אָפּ

זון

איך צווייפל אין דעם.

באַנקיר

פאַרוואָס זאָל מען זיך נישט פאַרפּאַסטערן דעם וועג דורך דער פרוי? וואָס שאַדט עס צו פּרוּוון?

זון

מען שמועסט, אַז זי איז זייער אַ פּשוטע, נישט לאַנג האָט זי אויפן רעגירונגס-באַנקעט דערציילט מעשיות פון דער צײַט, וואָס זי איז געווען אַ קעכין.

באנקיר

כ׳וואָלט מיר געוואונטשן צו זעען דעמאָלט קילמאַנס פּנים... מיין ליבער, נאָר מען הערט כסדר אַ גאַנצן טאָג עקסעלענץ אַהער און עקסעלענץ אַהין. יאָ, ווען עס וואָלטן נאָך געווען גראַפּנטיטל און אָרדנס... היינט איז דער איינציקער יסוד — געלט. האָט איינער די ערשטע הונדערט טויזנט, אַזוי הענגט ער אויף זיין גאַנצן אידעאַליזם אויפן הוט־שטענדל. זיי רויק, זיין קאָנטאָ וואַקסט, און איך באַקום מלוכה־קרעד טן.

זון

אַלזאָ, ווי דו ווילסט.

אריין ווילהעלם קילמאַן און פרוי, באגלייט פון אויבערקעלנער און פון קעל־נער קארל טאמאס, וואס נעמט אפ ביי זיי די אויבערמלבושים

באנקיר

גוטן אָוונט, הערר מיניסטער. זייער אָנגענעם, געשעצטע פרוי.

ווילהעלם קילמאַן

אויפגעפרעסן ווערט מען ביי דער אַרבעט. דער עולם שטעלט זיך פאָר, אַז מען זיצט אין קלוב־פאָטעל און מען רייכערט גראָבע ציגאַרן. אַנטשולדיקט, וואָס כ׳האָב זיך פאַ־שפעטיקט. איך האָב געמוזט אויפנעמען דעם מעקסיקאַנישן אַמבאַסאַדאָר.

באנקיר

מיר קאָנען אָנהייבן.

אלע זעצן זיך אויס ביים טיש

אויבערקעלנער ברענגט שפייזן, קארל טאמאס העלפט

פרוי קילמאַן

וואָס ליגט דאָס לעבן מיין טעלער?

באנקיר

אַ Petit‿rien, געשעצטע פרוי. איך האָב זיך גענומען דאָס רעכט אייך מיטצוברענגען אַ רויז.



פרוי קילמאַן

אַ רויז? אָבער איך זע דאָך אַן etrui פון גאָלד! באַזעצט מיט פּערל!..

באנקיר

אָט דאָ עפנט מען... אָט דער קנאָפּ... זעט איר, די רויז... La France... מיין ליבלינגס־רויז. איך האָף, אַז איר האָט אויך ליב דעם מין...

פרוי קילמאַן

הערר גענעראַל־דירעקטאָר, ווירקלעך, זייער אָנגענעם. אָבער איך קאָן עס נישט אָננעמען. וואָס זאָל איך מיט דעם טון?

ווילהעלם קילמאַן

אָבער, הערר גענעראַל־דירעקטאָר...

באנקיר

ליבער, בעסטער הערר מיניסטער, מאַכט נישט דערפון קיין ווען. איך האָב געכטן אויף אַ ליציטאַציע געקויפט דריי אַזעלכע זאַכן. אַכצנטער יאָרהונדערט, לואי דער פערצנטער — וועל איך האָבן מיט איינס ווייניקער.

פרוי קילמאַן

איר זענט אַזוי ליבלעך. מיר דאַנקען אייך פאַר דער פריינדלעכקייט. ביטע — נעמט אייך צוריק אָט דאָס שטיק.

ווילהעלם קילמאַן

איר קענט דאָך די בייזע צינגער. מען מוז אַליין אויס־מיידן אפילו דעם חשד.

באנקיר

איך באַדויער זייער, וואָס איך האָב וועגן דעם אפילו נישט געטראַכט...

ווילהעלם קילמאַן

אַלזאָ, לאָמיר טרינקען פאַרן קאָמפּראָמיס. עמאַ, נעם די רויז. ווי זי שמעקט, אָט די La France, בעסער, ווי אַן אמתדיקע, האַהאַהאַ... און דאָס Etrui וועלן מיר באַ־

וואונדערן אין אייער שויפענסטער, ווען מיר וועלן צו אייך
ומען.

באַנקיר

פאַר אייער וואוילזיין, גענעדיקע פרוי. פאַר אייער געזונט,
הערר מיניסטער... קעלנער, ברענגט Mouton Rotchild
נומער איינאונצוואַנציק...

קאַרל טאָמאַס

גליין, מיין הערר.

סונקל
ליכטיק
ראדיאסטאציע

טעלעגראַפיסט

סוף כל סוף זענט איר געקומען! איך האָב שוין דריי-
מאָל געקלונגען.

קאַרל טאָמאַס

איך בין געווען אונטן פאַרנומען.

טעלעגראַפיסט

דאָ אַ טעלעגראַם פאַר מיניסטער קילמאַן. עס איז גע-
שיקט געוואָרן ספּעציעל אויפן באַפעל פון מיניסטעריום.

קאַרל טאָמאַס

הערט מען דאָ טאַקע די גאַנצע וועלט?

טעלעגראַפיסט

צי האָט איר וועגן דעם נישט געוואוסט?

קאַרל טאָמאַס

וועמען הערט איר אַצינד?

טעלעגראַפיסט

ניו-יאָרק. ס'ווערט געמאָלדן אַ גרויסע פאַרפלייצונג פון
מיסיסיפּי.

קאַרל טאָמאַס

ווען?

טעלעגראַפיסט

אַצינד, אין דער רגע.



קאַרל טאָמאַס

בשעת מיר רעדן?

טעלעגראַפיסט

יאָ, בשעת מיר רעדן, האָט דער מיסיסיפּי אַדורכגעבראָכן
די וואַלן, די מענטשן אַנטלויפן.

קאַרל טאָמאַס

און וואָס הערט איר אַצינד?

טעלעגראַפיסט

איך האָב איינגעשטעלט אויף כוואַליע 1100. איך הער
קאַיראָ. די דזשאַז-מוזיק פון Mena House, דעם האָטעל
ביי די פּיראַמידן. זי שפּילט אַצינד אויף צום מיטאָג.
ווילט איר אפשר הערן? איך וועל פאַרייניקן דעם
הילכער.

הילכער

האַלאָ! האַלאָ! אַלע ראַדיאָסטאַציעס פון דער וועלט!
דער נייער שלאַגער „האָפּלא, מיר לעבן!“

מען הערט דזשאזבאנד-מוזיק

טעלעגראַפיסט

איר קאָנט זיי זעען אויך.

אויף דער שויב זעט זיך דער רעסטאראַן פון Mena House
דאמען און הערען עסן מיטאג

קאַרל טאָמאַס

צי קאָן מען דעם מיסיסיפּי אויך זען?

טעלעגראַפיסט

ביטע. וואו זענט איר דען געווען, וואָס איר פרעגט זיך,
ווי אַ זויגקינד?

קאַרל טאָמאַס

אַך, איך בין געווען אין אַ... דאָרף די לעצטע עטלעכע
יאָר.

טעלעגראַפיסט

אָט דאָ.

הילכער

האלאָ! האלאָ! ניו-יאָרק. צאָל פון די טויטע: אַכט טויזנט. טשיקאַגאָ באַדראָט. ווייטערדיקער באַריכט אין דריי מינוט אַרום אויף דער שויב זעט מען סצענעס פון דער פארפלייצונג

קאַרל טאָמאַס

וואונדערלעך! אין דער זעלביקער סעקונדע...

הילכער

האלאָ! האלאָ! ניו-יאָרק. ניו-יאָרק ראָיאַל שעל 104., סטאַנדארד אָיל 102, רענד מיינס 116.

טעלעגראַפיסט

די נוי-יאָרקער בערזע. נאַפט-אַקציעס... איך שטעל איבער. לעצטע נייעס פון דער גאַנצער וועלט.

הילכער

האַלאָ! האַלאָ! אויפשטאַנד אין אינדיע... אויפשטאַנד אין כינע. אויפשטאַנד אין אַפריקע... פּאַריז פּאַריז הוביגאַן די באַקאַנטע פּערפום... בוקאַרעשט בוקאַרעשט הונגערנויט אין רומעניע... בערלין בערלין די עלעגאַנטע דאַמע באַנוצט אויסשליסלעך גרינע פּערוקן... ניו-יאָרק ניו-יאָרק דער גרעסטער לופטבאַמבעסוואַרפער פון דער וועלט דערפונדן געוואָרן. אומשטאַנד אין איין רגע צו פאַרוואַנדלען אין אַש די אייראָפּעישע הויפּט-שטעט... האלאָ! האלאָ! פּאַריז לאָנדאָן רוים בערלין קאַלקוטאַ טאָקיאָ ניו-יאָרק דער קאַוואַלער טרינקט נאָר Mumm Extra Dry.

קאַרל טאָמאַס

געַנוג, גענוג, שטעלט אָפּ.

טעלעגראַפיסט

איך שטעל איבער.

הילכער מען הערט אויפגערעגטע קולות

הע, הע, הע!... פּעסטער, פּעסטער, ער שווימט!... פאַלש! א גלאק ער איז צוגעקומען!... מעק נאַמאַראַ, טאָנאַני! מעק נאַמאַראַ!.. עוויוואַ, עוויוואַ...



טעלעגראַפיסט

דאָס זענען זעקסטאָגיקע געיעג אין מילאַן... איצט הער איך אַן אינטערעסאַנטע זאַך. דער ערשטער פּאַסאַזשיר-עראָפּלאַן ניואָרק–פּאַריז דעפּעשירט, אַז אַ פּאַסאַזשיר האָט באַקומען אַ האַרץ-אָנפאַל. בעט אים צו פאַרבינדן מיט אַ האַרץ-דאָקטאָר. מען זוכט מעדיצינישע הילף. ביטע, איר קאָנט הערן דאָס האַרץ-קלאַפּן פון פּאַציענט.

מען הערט פונם הילכער הארצקלאפּ

מען זעט אויף דער שויב

דעם ארעאפּלאן איבער דעם אקעאן, דעם פּאציענט

קאַרל טאָמאַס

אַ מענטשנס האַרצקלאַפּן, אינמיטן פון אָקעאַן..

טעלעגראַפיסט

אַ פיינע זאַך.

קאַרל טאָמאַס

ווי וואונדערלעך עס איז דאָס אַלץ! און וואָס די מענטשן האָבן מיט דעם געטון... זיי לעבן ווי שאָף, ווי מיט טויזנט יאָר צוריק.

טעלעגראַפיסט

מיר וועלן עס נישט אַנדערש מאכן. איך האָב געפונען אַ מיטל, ווי אַזוי צו מאַכן פון קוילן נאַפט. האָבן זיי אָפּגעקויפט מיין פּאַטענט פאר אַ באַרג פּאַפּירלעך און — וואָס האָבן זיי געטון? פאַרטיליקט. די הערן איילמאַגנאַטן... אַצינד מוזט איר גיין. די דעפּעשע איז דרינגענד. ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וועט זיין. אפשר וועט זיין מלחמה.

קאַרל טאָמאַס

מלחמה?

טעלעגראַפיסט

דערווייל דינען אָט די אַפּאַראַטן צו דעם, אַז די מענטשן זאָלן זיך וואָס מער ראַפינירטער שפּאַלטן די קעפּ. וואָס איז דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער עלעקטריציטעט?

דער עלעקטרישער טויס-שטול. פאַראַן מאַשינען מיט עלעקטרישע כוואַליעס, וואָס אַז מען פאַרייניקט זיי היינט אין לאָנדאָן, ווערט מאָרגן פון בערלין אַ הויפן סקעלעטן. מיר וועלן עס נישט אַנדערש מאַכן. נו, איילט זיך צו.

קאַרל טאָמאַס

יאָ.

סוּנקל
לייכט אויף
קלובצימער

דיסקוסיע-אָוונט פונם קלוב פון גייסטיקע אַרבעטער

דער פילאָזאָף X

איך קום צום אויספיר: וואו עס פעלט קוואַליטעט, דאָרט קאָן מען נישט אַנטקעגנשטעלן קוואַנטיטעט. דעריבער זאָג איך: קיינער זאָל נישט חתונה האָבן מיט אַ נידעריקערער מדרגה פון זיך. זאָל יעדער זיך באַמיען, אַז דער דור, וואָס קומט נאָך אים, זאָל דורך געהעריקערער אָפּקלייב פון דער פרוי זיין העכער, ווי ער אַליין. וואָס געשעט אָבער, מיינע העררן? נעגאַטיווער אָפּקלייב. דער מינדסטער תּנאַי, מיינע העררן, דער מינדסטער תּנאַי פון יעדער חתונה איז די גלייכקייט פון די מינים. לאָמיר זיך פאַרלאָזן אויפן אינסטינקט. אָבער ליידער איז דער אינסטינקט זיבנט יאָרהונדערטער געוואָרן איינזייטיק, אַזוי אַז עס וועט נישט זיין קיין לייכטע אויפגאַבע, נאָך אַ סך דורות, ד. ה. אין אַ משך פון צוויי הונדערט יאָר, צו ברענגען אויף דער וועלט עפּעס בעסערס.

דער ליריקער Y

וואו שטייט דאָס ביי מאַרקסן?

דער פילאָזאָף X

איך ענדיק: די אינסטינקטן מוזן ווערן פאַרפיינערט און פאַרגייסטיקט, זיי מוזן זיך פאַרוואַנדלען פון ברוטאַל-וויטאַלן אין פּשוט-פאַרשטענדיקע.



דער ליריקער Y

וואו שטייט דאָס ביי מאַרקסן?

פילאָזאָף X

נאָר אויף אַזאַ אופן איז מעגלעך די געזונקענע ווייסע ראַסע עפּעס צו העלפן. נאָר אַזוי קאָנען די גייסטיק-העכערע געבליטער צייטיקן, אַזוי ווי פריער. יאָ, וועט עמעצער פרעגן: ווי אַזוי דערקענט מען, צו עמעצער איז פון גוטן בלוט? יאָ. ווער עס קאָן נישט וויסן ביי זיך און ביי אַן אַנדערן, אָבער פריער פון אַלץ ביי זיך אַליין — דעם קאָן מען שוין גאָרנישט העלפן. אָט דער איז שוין געוואָרן אַזוי אינסטינקטלאָז צום ליריקער Y אַז איך וואָלט אים פערזענלעך געקאָנט ראָטן נאָר וואָס גיכער צו שטאַרבן. דאָס איז דאָס גרויסע אין מיין אַקאַדעמיע פאַר חכמה, וואָס מאַכט זיי קליגער, וואָס זיי מאַכן באַוואוסטזיניק די יעניקע, וואָס האָבן כאַאָטיש ווייטערגעפלאַנצט — פרייוויליק אויסצושטאַרבן. וועט עס געשען קאָנסעקווענט, דאַן וועט אויך צוליב אָט דעם געביט דאָס שלעכטס איבערוואונדן ווערן דורך גוטס.

שטימע

בראַוואָ! בראַוואָ!

פאָרזיצער

דאָס וואָרט האָט ליריקער Y.

דער ליריקער Y

מיינע העררן. מיר זענען דאָ פאַרזאַמלט אַלס גייסטיקע אַרבעטער. איך וויל אָבער שטעלן די פראַגע, צי די טעמע, איבער וועלכער ס'האָט רעפערירט הערר פילאָזאָף X, דינט אונזער אויפגאַבע — גייסטיק צו באַפרייען דעם אַרבעטער-קלאַס. ביי מאַרקסן...

דער קריטיקער Z

הערט שוין אויף כסדר צו רימען זיך, אַז איר האָט געלייענט מאַרקסן.

**דער ליריקער Y**

הערר פאָרזיצער, איך בעט אייך מיך צו באַשיצן. יאָ, איך האָב טאַקע געלייענט מאַרקסן – און איך האַלט, אַז ער שרייבט גאָרנישט אַזוי נאַריש. אוודאי פעלט אים דער זין פאַר מאָדערנער ווירקלעכקייט, וואָס מיר...

**פאָרזיצער**

איר רעדט נישט צום טאָג-אָרדענונג. איך נעם ביי אייך צו דאָס וואָרט.

**דער ליריקער Y**

אויב אַזוי, קאָן איך איך גיין. לעקט מיר דעם אחור!

אַפּ

**שטימען**

אומדערהערט! אומדערהערט!

**דער פילאָזאָף X**

נאָך אַ ליריקער...

**דער קריטיקער Z**

מען דאַרף אים שיקן צום פּסיכאָאַנאַליטיקער. נאָך דער אַנאַליז וועט ער אויפהערן צו דיכטן. ס׳איז נישט מער, ווי אַן אַרויסגעשטופּטער קאָמפּלעקס—אָט די גאַנצע ליריק.

פיקעל קומט אַריין

**פיקעל**

וואָס זע איך... פונדעסטוועגן, צי בין איך דאָ אין האָטעל אונטערן גרינעם בוים?..

**פאָרזיצער**

ניין. געשלאָסענע געזעלשאַפט.

**פיקעל**

געשלאָסענע?.. כ׳האָב געמיינט, דער גרינער בוים... פונדעסטוועגן...

**שטים**

שטערט נישט.

**פיקעל**

אַ דאַנק אייך, מיין הערר.

פיקעל אַפּ



**פאָרזיצער**

וואָס פאַרלאַנגט איר, הערר פילאָזאָף X?

**דער פילאָזאָף X**

נאָך אַ קורצע באַמערקונג, מיינע הערן. עקזאַקט באַוויזן. דער הערר ליריקער Y האַלט, אַז די קאַזאַל-פאַרבינדונג האָט נישט קיין שייכות מיט דער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט – גייסטיק צו באַפרייען דעם אַרבעטער-קלאַס. איז אָט וואָס – אומגעבראָכענע אינסטינקטן געפינען זיך היינט-צו-טאָג בלויז אין די נידעריקסטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. לאָמיר פרעגן אַ פּראָלעטאַריער. לאָמיר פרעגן דעם קעלנער, וועל איך אייך אויפווייזן די ריכטיקייט פון מיין טעאָריע.

**שטימען**

קעלנער! קעלנער!

אַריין קאַרל טאָמאַס מיט אַ טאַץ, אויף וועלכער ס׳שטייען פלעשער מיט גלעזער

**קאַרל טאָמאַס**

באַלד קומט דער אויבערקעלנער.

**שטימען**

ניין, איר בלייבט.

**קאַרל טאָמאַס**

איך האָב אונטן אַרבעט, מיינע הערן.

**דער פילאָזאָף X**

הערט, חבר קעלנער, יונגער פּראָלעטאַריער. וועט איר האָבן אַ געשלעכטלעכע באַציִונג מיט דער ערשטער בעסטער פרוי, וואָס איר וועט באַגעגענען, צי איר וועט פריער זיך עצהן אייער אינסטינקט?

קאַרל טאָמאַס לאַכט

**פאָרזיצער**

איר האָט נישט וואָס צו לאַכן. די פראַגע איז גאַנץ ערנסט. אַחוץ דעם זענען מיר געסט און איר זענט קעלנער.

קאַרל טאָמאַס

נאָר וואָס חבר קעלנער און שוין זענט איר הערן...
איר... איר ווילט באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט? דאָ,
אין גראַנד האָטעל? וואו זענט איר געווען, ווען ער איז
ארויס אין גאַס? וואו וועט איר זיין? ווידער אין גראַנד
האָטעל? תמתומס!

שטימען

אומדערהערט! אומדערהערט!

קאַרל טאָמאַס אַפּ

דער פּיליזאָף X

קליינבירגערלעכער אידעאָלאָג!

פאָרזיצער

מיר גייען אַריבער צום צווייטן פּונקט פון טאָג-אָרדענונג.
די פּראָלעטאַרישע ברודערשאַפט פון ליבע און די אויפ-
גאַבן פון די גייסטיקע אַרבעטער.

טונקל

לייכט אויף

באַזונדערצימער

באַנקיר

וואו זענט איר געבליבן מיטן ליקער, קעלנער?

קאַרל טאָמאַס

הערר מיר מוחל זיין, מ׳האָט מיך אויפגעהאַלטן.

באַנקיר

גיט מיר ציגאַרן. רייכערט איר פּאַפּיראָסן, גענעדיקע פרוי?

פרוי קילמאַן

אַ דאַנק, ניין.

ווילהעלם קילמאַן

אָט די דעפּעשע פאַרשאַרפט דעם קאָנפליקט ביז גאָר.
אונז נעמט מען צו די אייל-קאָנצעסיעס!

באַנקיר

נאָך גוט, וואָס איך האָב עס אין דער צייט דערשנאַפּט און
געראָטן מיינע קונים אָפּצוּוואַרפן די טערקישע אַקציעס...
וואו האַלט איר אייגנטלעך אייער געלט, הערר מיניסטער?



ווילהעלם קילמאַן

אין סייפס, האַהאַהאַ. איך היט זיך צו ספּעקולירן.

באַנקיר

ווער רעדט דען וועגן ספּעקולירן? איר האָט דאָך פאַר-
פליכטונגען, איר מוזט דאָך רעפּרעזענטירן. אַ מענטש מיט
אייער שטעלונג מוז זיין אומאָפּהענגיק.

ווילהעלם קילמאַן

אַלס מלוכה-באַאַמטער, מוז איך...

באַנקיר

אָבער אחוץ דעם זענט איר דאָך אַ פּריוואַטער מענטש
אויך. וואָס גיט אייך דען די מלוכה? די פאָר פּייעס.
פאַרוואָס נוצט איר נישט אויס אייערע קענטעניסן? לייקנט
נישט — אפילו אַ ביסמאַרק, אַ דיזראַעלי, אַ גאַמבעטאַ
האָבן זיך אויך נישט געמיאוסט...

ווילהעלם קילמאַן

אָבער ווען...

באַנקיר

איך וויל אייך ווייזן אַ ביישפּיל. דער מיניסטאָרנראַט
האָט באַשלאָסן צו רעדוצירן דאָס רעפּאָרט-געלט. איר
פאַרקויפט צו גלייכער צייט אייערע פּאַפּירן. און ווער
קאָן דען אייך פאָרוואַרפן, אַז איר פאַרקויפט עפּעס מער?
עס דאַרף אפילו נישט געשען אונטער אייער נאָמען.

ווילהעלם קילמאַן

הערט אויף וועגן דעם צו רעדן...

באַנקיר

ס׳איז פאַר מיר אַ כבוד-פראגע, אייך גוט צו עצהן. איר
ווייסט דאָך, אַז איר קאָנט מיר געטרויען.

ווילהעלם קילמאַן

קעלנער, וואו קומט פאָר די פּרעסע-קאָנפערענץ?

קאַרל טאָמאַס

אין שרייב-זאַל.

ווילהעלם קילמאַן

באַראָן פרידריך איז אונטן?

קאַרל טאָמאַס

יאָ.

ווילהעלם קילמאַן

זאָגט דעם הערר באַראָן, אַז איך וואַרט אויף אים אום האַלבער נאַכט אין מיניסטעריום.

פיקעל אריין

פיקעל

בין איך דאָך טאַקע דאָ... איך וואָלט געוואָלט... כאַטש די פרייזן... פון דעסטוועגן...

באַנקיר

ווער איז דאָס דער מענטש?

פיקעל

איך, הערר מיניסטער...

ווילהעלם קילמאַן

איך האָב נישט קיין צייט דרייט זיך אויס

פיקעל

דאָס האָב איך זיך נישט גערעכנט פון אייך, הערר מיניסטער! צי האָבן מיר אייך נישט געמאַכט פאַר מיניסטער?.. הגם ווען ביי די פרעזידענט־וואַלן וואָלט מיין שטימע... פונדעסטוועגן, הערר מיניסטער, האָט איר מיר צו פאַרדאַנקען אייער פאָסטן...

אָפּ

טונקל

לייכט־אויף

שרייב־זאַל

זשורנאַליסטן שרייבן

קאַרל טאָמאַס ביי דער טיר

באַראָן פרידריך

מיינע העררן. דאָס, וואָס ס'איז פריער געווען די אויפגאַבע פון די היסטאָריקער, פאַרצושטעלן די מעשים, דאָס די



מלוכה פאָדערט, אַלס חוב, אַלס העכסטע נויטווענדיקייט — אָט דאָס איז היינט אייער אויפגאַבע. אין היינטיקער שווערער צייט פאַר אונזער פאָטערלאַנד האָפט די רעגירונג, אַז איבער אַלע פּאַרטיי־קאַמפן וועט די פרעסע דערפילן איר חוב. מיר פאַרלאַנגען נישט קיין מלחמה. באַטאָנט עס, שטרייכט עס כסדר אונטער, מיינע העררן. די אַזוי־גערופענע אַנטשעדיקונג, וואָס מען וויל אונז געבן, איז גלייכער נישט אָנצורופן. מיר ווילן שלום, אָבער דאַן, ווען דער כבוד פון אונזער מלוכה ווערט פאַרשוועכט, פּלאַצט אונזער געדולד, מיינע העררן.

קאַרל טאָמאַס

אַנטשולדיקט, הערר באַראָן.

באַראָן פרידריך

וואָס איז?

קאַרל טאָמאַס

דער הערר מיניסטער בעט אייך, אַז אום האַלבער נאַכט...

טונקל

לייכט אויף

האָטעל צימער 96

גראַף לאַנדע

איך זע דייטלעך, אַז דו ווינקסט זיך איבער מיט דער בלאָנדינע פון אַנדערן טיש.

לאָטע קילמאַן

האָסט מורא, אַז איך וועל דיך מיט איר פאַרראַטן

גראַף לאַנדע

ס'דענערווירן מיך די געשיכטעס.

לאָטע קילמאַן

אפשר דענערווירט איר, מענער, מיך. אפשר זענט איר מיר שוין געוואָרן שטאַרק לאַנגווייליק.

גראַף לאַנדע

אָבער, טייערע...

**לאָטע קילמאַן**

נאָר אין בעט קאָנען פּרויען זיין צאַרטלעך. איך פאַר-לייק גאָרנישט, אַז איך וויל אָט דאָס קליינע לאַלקעלע פאַרפירן.

**גראַף לאַנדע**

ביסט שיכּור.

**לאָטע קילמאַן**

כ'וואָלט אפשר געווען, ווען דו זאָלסט נישט זיין אַזוי קאַרג.

**גראַף לאַנדע**

קאָן איך הייסן ברענגען נאָך אַ פלאַש Cordon rouge.

**לאָטע קילמאַן**

ביטע. די קליינע בלאָנדע וואָלט מיר געווען ליבער, אָדער קאָקס.

**גראַף לאַנדע**

דעק דיך צו. איך קלינג נאָך דעם קעלנער.

טונקל

לייכט אויף

צימער פון דינערשאַפט

ביים אוונט-ברויט זיצן אויבערקעלנער, קארל טאמאַס, הויזדינער, פּיקאָלאָ

**אויבערקעלנער**

אויפן גייעג אין פאַריז האָט דעם ערשטן פּריז געקריגן „מוסאָליני". פּילבלוטיק. דריי-יעריק.

**הויזדינער**

זיג צוויי הונדערט, פלאַץ פיר הונדערט אַכציק.

קעלנער אריין

**קעלנער**

דריי מאָל אַנטרעקאָט.

**אויבערקעלנער** שרייט אריין אין פענסטער — אין קיך אריין

דריי מאָל אַנטרעקאָט... האָט איר ווידער געשטעלט?

**הויזדינער**

אַוודאי. פון דער פּרנסה דאָ קאָן מען נישט פעט ווערן.



**קעלנער** אריין

זעקס מאָל זופּ אָקסט ל, איין טאָפּלט מאַדערע.

**אויבערקעלנער**

זעקס מאָל אָקסטעל. זאָל דער שעף אריינטון טאָפּלט מאַדערע.

**קאַרל טאָמאַס**

וואָס שמעקט עפּעס אַזוי מאָדנע די זופּ?

**הויזדינער**

וואָלסט וועלן עסן à la carte?

**קעלנער** אריין

צוויי טוץ לאַקס

**אויבערקעלנער**

צוויי טוץ לאַקס.

**קאַרל טאָמאַס**

איך פאַרלאַנג נישט קיין לאַקס, אָבער דאָס פרעסן... פאַרוואָס טוט נישט גאָרנישט דער קאָמיטעט?

**הויזדינער**

ווייל ער מוז זיין בשלום מיטן האָטעל-דירעקטאָר. מיר איז אַלץ איינס. איך ריכט זיך נישט פון קיינעם גאָר-נישט, אַלץ איין חברה. פאַר דער אינפלאַציע האָב איך זיך געשפּאָרט יעדע וואָך אַ מאַרק. אַלעמאָל, אַז כ'האָב אָנגעקליבן צען מאַרק, בין איך געגאַנגען אין באַנק און אויסגעטוישט אויף אַ גאָלדענעם צענער. זונטיק פלעג איך אים אויספּוצן און מאָנטיק פלעג איך אים אַוועק-טראָגן אין שפּאָרקאַסע. זעקס הונדערט וואָכן האָב איך געשפּאָרט. צוועלף יאָר. און וואָס האָב איך באַקומען סוף כּל סוף? אַ פּאַק קלאָזעט-פּאַפּיר! זיבנהונדערט מיל-יאָן. קיין פודעלע שוועבעלעך זיך נישט געקאָנט דער-פאַר קויפן... אונזערער אַ ברודער איז תּמיד דער אָפּגע-שמיסענער.

**אויבערקעלנער**

אַ פיינע געזעלשאַפט היינט אין באַזונדער-צימער.

**קאַרל טאָמאַס**

אַ פֿיינער פֿאָלקסמיניסטער.

**אויבערקעלנער**

איר פֿאַרשטייט נישט. אויב ער עסט מיטן באַנקיר, איז דאָ מסתמא אַ געוויסע סיבה. אַנישט וואָלט ער נישט געווען קיין מיניסטער.

**פּיקאָלאָ**

אויבן דער הערר פֿון הונדערטאיינס קנייפּט מיך אַלעמאָל אין געזעס.

**אויבערקעלנער**

זיי נישט קיין פֿרייער. דו ווייסט, אַז מען קאָן דערבײַ עפּעס מאַכן.

ס׳קלינגט

**אויבערקעלנער**

וועלכער נומער?

**פּיקאָלאָ**

זעקסנאונייַנציק.

**אויבערקעלנער**

קאַרל, גייט אַרויף אויבן. דער שטאָקן-קעלנער וועט מיך פֿאַרטרעטן.

טונקל

לייכט אויף

וועסטיבול

**פּיקעל** אויף די טרעפּ

אָט שטייט מען... מען גלייבט... מען פֿאָרט צוויי טעג אויף דער באַן... מען פֿרייט זיך אַ גאַנץ לעבן... אין האַלצהאַוזען האָב איך געמיינט, אַז אויבן... דאָ קאָן מען נאָך די מענטשן פֿאַרשטיין. אָבער אויבן איז עס פּונקט ווי מיט דער באַן. ווי מיט דער ערד... די אַטמאָספערע...

קאַרל טאמאס גייט פֿארבײַ



**פּיקעל**

הערר קעלנער! הערר קעלנער!

**קאַרל טאָמאַס**

נישט קיין צייט.

**פּיקעל**

נישט קיין צייט...

טונקל

לייכט אויף

צימער 96

מען קלאַפּט. קאַרל טאמאס אַרײַן

**גראַף לאַנדע**

וואו זענט איר געווען אַזוי לאַנג? אַ ווירטשאַפֿט. אַ פֿלאַש Cordon rouge, גוט אָפּגעקילט.

טונקל

לייכט אויף

צימער פֿון דינערשאַפֿט

קאַרל טאמאס זיצט אַליין בײַם טיש, דעם קאָפּ אין די הענט. פֿרוי מעלער עפֿנט שטיל די טיר

**פֿרוי מילער**

מיד, ייִנגל?

קאַרל טאמאס רירט זיך נישט

**פֿרוי מעלער**

עס מאַטערט אויס דעם ערשטן טאָג.

קאַראל טאמאס שפּרינגט-אויף, רייסט זיך אַראָפּ דעם קראַוואַט פֿון האַלז, טוט אויס דעם פֿראַק, וואַרפֿט אים אַוועק אין אַ ווינקל

**קאַרל טאָמאַס**

אַ סוף, אַ סוף, אַ סוף!..

**פֿרוי מעלער**

וואָס טוסטו?

**קאַרל טאָמאַט**

איך בין וואַכעדיק, אַזוי וואַכעדיק, אַז איך האָב מורא, כ׳זאָל מער נישט אַנטשלאָפֿן ווערן.

פרוי מעלער

באַרויק זיך, קארל, באַרויק זיך.

קאַרל טאָמאַס

באַרויקן? נאָר אַ מנוול באַרויקט זיך. זאָג מיר אַצינד נאָר, ווי אַלבערט האָט צו מיר געזאָגט. איך האָב זיך פאַרגענומען זיך איינצוהאַלטן. אַ האַלבן טאָג בין איך דאָ געזעסן. איך האָב געזעצן די אַלטעגלעכקייט, אין פראַק און אין נאַכט-העמד. איר שלאָפט? איר שלאָפט? אויפוועקן מוז מען אייך. איך פייף אויף אייער שכל אויב די קלוגע זענען אַזוי ווי איר, דאַן וויל איך זיין אַ נאַר! אַלעמען מוז מען אייך וועקן.

עס קלינגט. פויזע

פרוי מעלער

קאַרל...

קאַרל טאָמאַס

זאָל זיי דער טייוול באַדינען!

ס׳קלינגט

פרוי מעלער

באַזונדער-צימער.

קאַרל טאָמאַס

באַזונדער-צימער?.. קילמאַן?.. גוט, איך גיי.

קארל טאמאס טוט זיך גיך אן

פרוי מעלער

איך וועל באַלד צוריקקומען. מיר וועלן זיך אויסטמועסן, קאַרל.

פרוי מעלער — אפ

קאַרל טאָמאַס באטראכט סעקונדן זיין רעוואלווער

אָט דער שאָס וועט אַלע אויפוועקן!

טונקל

לייכט אויף

צימער 96

מען קלאפט שטיל

גראַף לאַנדע

גלייך.



טונקל

לייכט אויף

האלבטונקעלער קארידאר

סטודענט

וואו?

גראַף לאַנדע

אינם באַזונדער-צימער. ווער גייט אריין?

סטודענט

מיר האָבן געוואָרפן גורל. איך. לייטענאַנט פראַנק וואַרט אין אויטאַ.

גראַף לאַנדע

האָט איר דעם קעלנער-פראַק?

סטודענט עפנט דעם פאלטא

יאָ.

גראַף לאַנדע

נו, אַ סוף. אַצינד גיך. זעט, מען זאָל אייך נישט אַרע-סטירן. אויב איר האָט דערצקלאַפעניש. דאַן... און קיין איין וואָרט טאָרט איר נישט מסרן... היט אייך.

סטודענט

איך האָב געגעבן מיין ערנוואָרט.

טונקל

לייכט אויף

באזונדער-צימער

ווילהעלם קילמאַן

גרויסאַרטיק, אָט דער וויץ, גרויסאַרטיק. קוקט נאָר אָן מיין פרוי. ווי רויט זי איז געוואָרן. דערביי פאַרשטייט זי גאָרנישט, האַהאַהאַ.

באַנקיר

קענט איר דעם וויץ מיטן הערר מייער אין באַן-קופע?

ווילהעלם קילמאַן

דערציילט.

אריין קארל טאמאס

באַנקיר

ענדלעך איז דאָ דער קעלנער. נאָך אַ פלאַש קאָניאַק. וואָס שטייט איר? וואָס קוקט איר מיך אָן? איר'ט נישט פאַרשטאַנען?

קאַרל טאָמאַס

דו קענסט מיך נישט?

ווילהעלם קילמאַן

ווער זענט איר?

קאַרל טאָמאַס

רוף מיך דו. ווען מיר האָבן צוזאַמען געוואַרט אויפן ברודער-קבר, האָבן מיר זיך נישט געאירצט. שעמסט זיך מיך צו קענען?

ווילהעלם קילמאַן

איר זענט עס... רעדט נישט קיין שטותים. קומט מאָרגן אין מיניסטעריום.

קאַרל טאָמאַס

דו וועסט מיר היינט ענטפערן.

ווילהעלם קילמאַן צום באנקיר

לאָזט אָפּ. אַ פאַנטאַסטיקער, וואָס איך קען אים פון אַמאָל. דורך אַ ראָמאַנטישער געשיכטע אין דער יוגנט צעחשט געוואָרן. האָט נישט קיין גלייכגעוויכט.

קאַרל טאָמאַס

איך וואַרט אויף אַן ענטפער.

ווילהעלם קילמאַן

צו וואָס? וואָס פאַרשטייט איר? וואָס פאַרשטייסטו? אפשר זאָל איך דיר דערציילן פון דאָס ניי, אַז די צייטן האָבן זיך געענדערט. אַמאָל האָסטו פאַרשאָלטן די וועלט, וואָס איז דיר נישט נאָכגעקומען דיינע משוגענע פאָדערונגען,



האָסט פאַרשאָלטן די מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט די וועלט פירן ווייטער.

קארל טאָמאַס

דו...

ווילהעלם קילמאַן

כ'בעט דיך, לאָז צורו מיט די פראַזן, וואָס האָבן נישט קיין ווירקונג.

באַנקיר

זאָל איך לאָזן רופן נאָכן האָטעלדירעקטאָר?

ווילהעלם קילמאַן

אום גאָטס ווילן. קיין שום סקאַנדאַלן.

באַנקיר

באַרויקט אייך, הערר קעלנער. ס'גייט אייך שלעכט, יאָ? נאַט, נעמט אייך צען מאַרק.

ווילהעלם קילמאַן

אפשר זאָל איך אויך צולייגן צען מאַרק?

קארל טאמאס, וואס האלט מיט איין האנט דעם רעוואלווער אין קעשענע, קוקט פארשטארט אויפן געלט, צוקט דנן אקסלען. ס'ווערט אים עקלהאפט און ער וויל זיך אויסדרייען

קאַרל טאָמאַס

ס'לוינט זיך נישט. ביסט מיר געוואָרן אַן אַ שיעור גלייכגילטיק.

מיטאמאל עפנט זיך שטיל די טיר

סטודענט אין קעלנער-פראק קומט אריין

הייבט אויף דעם רעוואלווער איבער קארל טאמאס אקסלען, פארלעשט ד-עלעקטרישע לאמפ

א ש א ס

א ג ע ש ר יי

באַנקיר

ליכט! ליכט! דער קעלנער האָט געשאָסן אויפן מיניסטער!

פ א ר ה א נ ג

## פערטער אקט

### ערשטע סצענע

לינקס פון האטעל, ביים פארק

הינטער דעם סטודענט לויפט קארל טאמאס

קאָרל טאָמאָס

דו! דו!

סטודענט דרייט אויס דעם קאָפּ, לויפט ווייטער

קאָרל טאָמאָס

דו, איך וויל דיר העלפן, חבר.

סטודענט

וואָסער חבר! כ'בין נישט אייער חבר.

קאָרל טאָמאָס

אָבער איר האָט דאָך אויף קילמאַנען...

סטודענט

ווייל ער איז אַ באָלשעוויק, ווייל ער איז אַ רעוואָלוציאָ-נער. ווייל ער פאַרקויפט אונזער לאַנד צו די יידן.

קארל טאמאס מאכט פארווירט צו אים נענטער א טריט

קאָרל טאָמאָס

איז די וועלט געוואָרן אַ משוגעים-הויז? איז די וועלט אַ משוגעים-הויז!!!



סטודענט

צוריק, אָדער אַ קויל אין קאָפּ!

סטודענט לויפט ווייטער, שפּרינגט אריין אין אן אויטא, וואס ציט גיך אפּ. קארל טאמאס פארשטייט, כאפּט ארויס דעם רעוואלווער פון קעשענע, שיסט נאך צוויי מאל. דאן באזינט ער זיך, בלייבט שטיין פאר א בוים

קאָרל טאָמאָס

ביסטו אַ בו-בקוים? אָדער ביסטו אַ גומענע וואַנט?
באטאפּט אים זעט אויס, ווי קאָרע, רוי און שלאַבעריק,
און דערלאַנגסט ביז צו דער ערד.
אָבער ביסטו טאַקע אַ בוק-בוים?

זעצט זיך אויף א באנק

מיין אָרעמער קאָפּ. קאַנאָנאַדן-פייער. זעצט זיך, געשעצט פּובליקום. דער גלאָק קלינגט. די רייזע הייבט זיך אָן. איין שאָס — אַ רונד-קרייז.

זעסט דאָרט — אַ הויז ב'ענט, כאַפּסט דעם עמער, ווילסט לעשן — און אָנשטאָט וואַסער גיסטו אייל אין די פלאַמען אריין...

דו קלינגסט אין די גלעקער פון דער שטאָט צו דער גרויסער דערוואַכונג, אָבער די פּעפער לייגן זיך אויפן בויך און שנאָרכן ווייטער...

דאָרט, וואו די נאַכט הילט איין די מענטשן מיט ברוינעם שאָטן, זע איך — דער מערדער לויערט, הויל און מיט אָפענעם מוח...

און איך לויף, איין וואַכעדיקער, איבער די גאַסן, מיט געדאַנקען, וואָס שטויסן זיך בלוטיק פאַרן יופּיטערשן ליכט...

אָ, פאַרוואָס האָבן זיי מיר געעפנט דאָס טויער פון משוגעים-הויז? איז מיר דען דאָרט נישט גוט געווען, נישט געקוקט אויף נאָרד-פּאָל און פליגלקלאַפּן פון גרויע פייגל?

איך בין דער וועלט דערווידער געוואָרן
די וועלט איז מיר דערווידער געוואָרן

בשעת די לעצטע רייד קומען ארויס צוויי פאליציאנטן. ביידע גייען צו אים צו, כאפן אים אן ביי די הענט

**ערשטער פאָליציאַנט**

נו, יונגערמאַן, דעם רעוואָלווער האָט איר דאָ נאָר-וואָס געפונען?

**קאַרל טאָמאַס**

וואָס הייס איך? וואָס ווייסטו? אפילו דער רעוואָלווער, קערט זיך אויס קעגן דעם שיסער, און פון זיין עפענונג שפריצט געלעכטער.

**צווייטער פאָליציאַנט**

רעדט אַביסל אָנשטענדיקער, פארשטאַנען?

**ערשטער פאָליציאַנט**

ווי הייסט איר?

**קאַרל טאָמאַס**

יעדער נאָמען איז שווינדל... זעט איר, איך האָב אַמאָל געגלייבט, אַז ווען איך זאָל גיין אָט דעם וועג, גלייך מיט דעם פּאַרק, וואָלט איך געקומען אין האָטעל אַריין. אַ גלעזל קאַווע. פּופּציק פּעניק. ווייסט איר, וואו מען וואוינט? אין משוגעים-הויז. און די פאָליציי היט, אַז קיינער זאָל נישט געזונט ווערן.

**ערשטער פאָליציאַנט**

ס'פּאַסט אייך גאַנץ גוט אַזעלכע רייד. איר זענט אַרעסטירט.

**צווייטער פאָליציאַנט**

פּרוּווט זיך נישט אַנטקעגנצושטעלן. ביי פּרוּוו צו אנטלויפן — אַ קויל.

**קאַרל טאָמאַס**

לאָזט מיך.

**ערשטער פאָליציאַנט**

פאַרקערט. זייט צופרידן, וואָס מיר באַשיצן אייך. דאָס פאָלק וואָלט אייך געלינטשט.

**צווייטער פאָליציאַנט**

זענט איר זיך מודה, אַז איר האָט געשאָסן אויפן מיניסטער?

**קאַרל טאָמאַס**

איך?



**ערשטער פאָליציאַנט**

יאָ, איר.

**צווייטער פאָליציאַנט**

צו דער וואָך.

טונקל

מען הערט געשריי פון המון

## צווייטע סצענע

פאָליציי-פּרעזידיום

צימער פון פּאָליצייקאָמיסאַר

ביים טיש פאליצייקאמיסאר. שארף קלינגען

**פאָליצייקאָמיסאַר** ביים טעלעפאן

האַלאָ? וואָס איז?.. וואָס?.. אַטענטאַט אין גראַנד-האָטעל אויף מיניסטער קילמאַן?.. דער מיניסטער דערמאָרדעט?.. גראַנד האָטעל אָפּשליסן... אָפּריייניקן די גאַסן... אַרעסטירט אַ פאַרדעכטיקן?.. אַהערברענגען אים... איך וואַרט... הענגט אָפּ. צו סעקרעטארן בלייבט דאָ. איר מוזט פּראָטאָקאָלירן. טעלעפאנירט אַלע באַצירקן אין שאַרפער צוגרייטונג... דאַנק... געבן צו וויסן וועגן אַלע פאַלן... פאַרשטייט זיך, פון לינקס... דעמאָנסטראַציעס דערשטיקן... גענוג...

בשעת-מעשה קומט אריין פאליציאנט מיט פּיקעל

**פּיקעל** צום פאליציאנט

איר דאַרפט מיך נישט אַזוי צוהאלטן, הערר... ווער זענט איר דען אַזוינער? אמת, מיר לעבן אין דהויפּט-שטאָט, וואו ס'איז פאַראַן כלערליי חברה, אָבער איר דאַרפט אונטערשיידן.

**קאָמיסאַר**

וואָס איז?

**פּאָליציאַנט**

אָט דער פּאַרשוין האָט אַרומגעוואַנדערט אין קאָרידאָר פֿון גראַנד האָטעל... קורץ פֿאַרן אַטענטאַט איז ער געווען אין צימער פֿון מיניסטער. ער וואוינט נישט אין האָטעל, פֿאַרהאַלט זיך פֿאַרדעכטיק, און ער קאָן נישט אָנגעבן, פֿאַרוואָס...

**קאָמיסאַר**

גוט. ווי הייסט איר?

**פּיקעל**

איך הייס טאַקע פּיקעל, אָבער...

**קאָמיסאַר**

ענטפֿערט אויף מיינע פֿראַגן.

**פּיקעל**

איך וויל אָבער...

**קאָמיסאַר**

איר זענט געווען אין צימער פֿון מיניסטער קורץ פֿאַרן אַטענטאַט. וואָס האָט איר דאָרט געוואָלט?

**פּיקעל**

איך האָב אים... וואָס אַן אמת, הערר גענעראַל, איך האָב געמיינט, אַז דער מיניסטער איז געווען אַן ערנ־מאַן... פֿונדעסטוועגן, אַז איך בין צו אים געקומען אין האָטעל־צימער...

**קאָמיסאַר**

איר זענט זיך מודה, אַז איר האָט אָנטיילגענומען אינם אַטענטאַט? איר האָט געהאַט אַ פּערזענלעכן פֿאַרדרוס אויפֿן מיניסטער?

**פּיקעל**

איך האָב נאָר געוואָלט...

**קאָמיסאַר**

וואָס האָט איר געוואָלט? זענט איר אַן אַנאַרכיסט? געהערט איר צו אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע?



**פּיקעל**

די אַמאָליקע פּראָנטזועלנער האָבן שוין.. הגם איך האָב נאָר אין דער עטאַפּ... דעם פֿאַריין פֿון געוועזענע זעלנער הערר גענעראַל.

**קאָמיסאַר**

דעם פֿאַריין פֿון געוועזענע זעלנער?... קאָנט איר דאָס אויפֿווייזן?

**פּיקעל**

יאָ. אָט דאָ איז מיין מיטגליד־קאַרטע.

**קאָמיסאַר**

אַזוי... איר זענט אַ פּאַטריאָט?.. רעריבער... דערציילט, פֿאַרוואָס איר האָט דערמאָרדעט דעם מיניסטער.

**פּיקעל**

איך מיין... איך וואָלט פֿאַר אים געגאַנגען אין פֿייער אַריין...

**קאָמיסאַר**

ענטפֿערט מיר אויף מיין פֿראַגע.

**פּיקעל**

איז אָט... איך בין דאָך נאָר געקומען וועגן דער באַן... און דערנאָך בין איך אין מיניסטעריום... און מער האָב איך נישט...

**קאָמיסאַר**

צו דער זאַך.

**פּיקעל**

אַך, הערר גענעראַל, לאָזט מיך אַהיימפֿאָרן... דאָס וועטער ענדערט זיך... אַצינד קאָן איך פֿאָרן... ווען מיינע קי... מיין פֿרוי האָט תמיד געזאָגט...

טעלעפֿאָן קלינגט

**קאָמיסאַר**

פּאָליציי־פּרעזידיום... איר האָט אויך די זאַכלעכע באַווייזן?.. אַ מענטש אין אַ קעלנער־פֿראַק?.. וואַרט אַ ווײַלע... פּיקעל, טוט אויס אייער מאַנטל.

פּיקעל

איך טראָג דאָך נאָר אַ...

קאָמיסאַר

אַ פראַק... אַהאַ...

פּיקעל

דערפֿאַר, ווייל איך...

קאָמיסאַר

זייט רויק. (אין טעלעפאָן) אַ דאַנק... סעקרעטאַרן, נעמט אויף פּיקעלס פּערסאָנאַליען...

סעקרעטאַרן

איר הייסט? פֿאָטערס נאָמען און פֿאָרנאָמען?

פּיקעל

טרויגאָט פּיקעל הייס איך, מיין ליבע פריילן... ייִנגלווייז האָב איך געהייסן גאָטליב... נאָר אייגנטלעך הייס איך טרויגאָט... ווייל דער באַאַמטער פון ציוויל-אַמט, וואָס האָט זיך מיט מיין פֿאָטער... ווען זיי זענען נאָך געווען גוט צווישן זיך, פלעגן זיי שפּילן יעדן אָוונט...

פאליציאנטן אריין

קאָמיסאַר

וואָס איז געשען?

ערשטער פּאָליציאַנט

מיר האָבן אַרעסטירט אַ מענטש אין שטאָטישן פּאַרק. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רעוואָלווער. צוויי קוילן האָבן געפעלט.

קאָמיסאַר

אַריינפירן.

פאליציאנטן מיט קארל טאמאס אריין

קאָמיסאַר

אייער נאָמען

קאַרל טאָמאַס

קאַרל טאָמאַס.



קאָמיסאַר

וואָס האָט איר געוואָלט מיט אָט דעם רעוואָלווער?..

קאַרל טאָמאַס

דערשיסן דעם מיניסטער.

קאָמיסאַר

ס׳גייט דאָך גאָר גלאַטיק... דער צווייטער... זענט איר זיך הייסט עס, מודה... געהערט איר אויך צום פֿאַריין פון געוועזענע קריגס-זעלנער צוזאַמען מיטן הערר פּיקעל?

קאַרל טאָמאַס

דער פֿאַריין פון געוועזענע זעלנער?..

פּיקעל

הערר גענעראַל, איך מוז אייך באַמערקן, אַז אונזער סאָלדאַטן-בונד אין האָלצהאַוזען... הגם מיר נעמען נישט אָן קיין שום אויסלענדער... אפילו נישט פון שכנותדיקן דאָרף... פונדעסטוועגן איז נאָר דער הערר מלוכה-פּרעזידענט אַן ערנמיטגליד...

קאָמיסאַר

שווייגט... (צום פאליציאנט) ווי ער זעט דאָס אויס!

צווייטער פּאָליציאַנט

דאָס פֿאָלק האָט אים געוואָלט לינטשן. מיר האָבן קוים געקאָנט איינהאַלטן דעם המון.

קאָמיסאַר

זעצט זיך. דערציילט, פֿאַרוואָס איר האָט דערשאָסן דעם מיניסטער.

קאַרל טאָמאַס

ער איז טויט

קאָמיסאַר

יאָ.

קאַרל טאָמאַס

איך האָב נישט געשאָסן.

קאָמיסאַר

איר מוזט דאָך צוגעבן, אַז איר האָט זיך נאָר-וואָס מודה געווען...

פיקעל

ניין, הע״ר גענעראל. איר האָט אַ טעות. איך קען אים. ער איז דעם מיניסטערס אַ פריינד...

קאָמיסאַר

וואָס שלאָגט איר כּסדר איבער די רייד?

פיקעל

ווייל איר גלייבט מיר נישט... איך בין דער קאַסירער פון זעלבערבונד. אין אונזערע סטאַטוטן...

קאָמיסאַר

איך וועל אייך גלייך הייסן אָפּפירן צו קארל טאמאס איר האָט געהאלטן דעם מיניסטער פאַר אַ שעדלעכן מענטש, יאָ? פאַר אַ פאַררעטער?

קאַרל טאָמאַס

דער מערדער האָט געמיינט אַזוי.

קאָמיסאַר

דער מערדער!

קאַרל טאָמאַס

איך בין אים נאָכגעלאָפן. איך האָב אים נאָכגעשאָסן.

קאָמיסאַר

וואָס רעדט איר פאַר אַ שטותים?

פיקעל

אויב ער זאָגט אזוי, הערר גענעראל...

פאליציאנט גייט צו צום קאמיסאר, רעדט מיט אים שטיל

קאַמיסאַר

ער מאַכט טאַקע אַזאַ איינדרוק אויף מיר. אגב, דער אַנדערער, דער פיקעל — אויך...ביידע איבערפירן אין קאמער איינס... איך קום גלייך אריבער... אין טעלעפאן פּראָקוראָר...



קאַמיסאַר

וואָס נאָך?

פיקעל

ס׳איז טאַקי באַשלאָסן, הערר גענעראל? אַז איך זאָל אין תּפיסה?...

קאָמיסאַר

יאָ.

פיקצל

אגב... דאָן... למשל אין האָלצד־האַוזען... און ווען זיי וואָלטן זיך דערוואוסט... און אז מיין פרוי... און אַז מיין שכן... דער, וואָס איז דעם בירגערמייסטערס אַ קרוב... און אַז דער פראָנטבונד.... ווייסט איר, וואָס איר טוט?.. אַצינד בין איך אין אויספאָרשונגס-צושטאַנד. וואוהין זאָל איך גיין, אַז איך וועל ארויס פון תּפיסה? וואוהין? איך טאָר זיך שוין מער נישט ווייזן אין האָלצהאַוזען...

קאָמיסאַר

אַז עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז איר זענט נישט שולדיק, וועט איר קאָנען אַהיימפאָרן.

פיקעל

פונדעסטוועגן, אונטער אויספאָרשונג...

קאָמיסאר

איך האָב נישט קיין צייט אין טעלעפאן פארבינדט מיך מיטן פּראָקוראָר.

פיקעל

אויך נישט קיין צייט... ווייסע הענטשקעס, שוואַרצע הענטשקעס... װאָס זאָל מען נאָך גלייבן?..

טונקל

## דריטע
### א'

צימער פון אויספאַרש-ריכטער

ביים טיש אויספאַרש-ריכטער און פּראָטאָקאָלאַנט. פאַרן טיש קאַרל טאָמאַס בע־
שמידט אין קייטן

אויספאָרש-ריכטער

איר פאַרשווערט זיך נאָר אייער לאַגע. ס'זענען דאָ עדות,
אַז איר האָט אין דעם רעסטאָראַן אַרויסגעזאָגט דעם פאַר־
לאַנג צו דערמאָרדן דעם מיניסטער.

קאַרל טאָמאַס

איך לייקן דאָס נישט. אָבער איך האָב נישט געשאָסן.

אויספאָרש-ריכטער

איר זענט זיך דאָך מודה אין פאַרלאַנג...

קאַרל טאָמאַס

אין פאַרלאַנג — יאָ.

אויספאָרש-ריכטער

עדות ראַנד.

ראַנד אריין

אויספאָרש-ריכטער

הערר ראַנד, קענט איר דעם באַשולדיקטן?

ראַנד

צום באַפעל.

אויספאָרש-ריכטער

איז דאָס דער זעלביקער, וואָס האָט בשעתן אָנפאַל אין
וואַל-ביוראָ ביי אייך צוגענומען דעם רעוואָלווער?

ראַנד

צום באַפעל.

אויספאָרש-ריכטער

טאָמאַס, וואָס זאָגט איר צו דעם?

קאַרל טאָמאַס

איך לייקן עס נישט אָפּ. אָבער...



ראַנד

אויב איך זאָל מיר דערלויבן צו מיינען, שטעקט דאָ אַ
יידישע האַנט.

אויספאָרש-ריכטער

איר האָט נישט געשאָסן, ראַנד?

ראַנד

צום באַפעל, ניין. אַלע קוילן דאַרפן נאָך שטעקן.

אויספאָרש-ריכטער

צוויי קוילן פעלן. דאָס איז דאָך אייער רעוואָלווער?

ראַנד

מיין דינסט-רעוואָלווער, הערר אויספאָרש-ריכטער.

אויספאָרש-ריכטער

ווילט איר נאָך אַלץ לייקענען, טאָמאַס? ווילט איר נישט
לייכטער מאַכן אייער געוויסן און זיך מודה זיין?

קאַרל טאָמאַס

איך האָב נישט וואָס זיך מודה צו זיין. איך האָב נישט
געשאָסן.

אויספאָרש-ריכטער

מיט וואָס דערקלערט איר, וואָס עס פעלן צוויי קוילן?

קאַרל טאָמאַס

איך האָב נאָכגעשאָסן דעם אטענטעטער.

אויספאָרש-ריכטער

אַזוי, נאָכגעשאָסן דעם אטענטעטער. אַצינד פעלט נאָך
צו דער גרויסער אומבאַקאַנטער. אפשר קענט איר דעם
געהיימנישפולן מענטש, וואָס איז, ווי איר זאָגט, אַריין
הינטער אייך אין צימער און געשאָסן?

קאַרל טאָמאַס

ניין.

אויספאָרש-ריכטער

נו, אַלזאָ, דער באַרימטער הערר איקס.

קאַרל טאָמאַס

עס איז געווען איינער פון רעכטס. ער האָט עס אַליין

געזאָגט. איך בין אים נאָכגעלאָפן. כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז אַ חבר.

**אויספאָרש־ריכטער**

רעדט נישט קיין שטותים. איר ווילט פאַרווישן די שפּור פון אייערע פריינד? מיר קענען זיי. הײַנט איז שוין נישטאָ קיין אַמנעסטיע. אייערע נעענטערע חברים זיצן שוין אונטערן שלאָס... אויבערקעלנער פון גראַנד האָטעל.

*אויבערקעלנער אַרײַן*

**אויספאָרש־ריכטער**

קענט איר דעם באַשולדיקטן?

**אויבערקעלנער**

יאָ, מײַן הערר, ער איז דאָך געווען געהילף־קעלנער אין גראַנד האָטעל. ווען איך וואָלט געוואוסט, מײַן הערר, אַז...

**אויספאָרש־ריכטער**

צי האָט דער באַשולדיקטער גערעדט שלעכטס אויפן הערר מיניסטער קילמאַן?

**אויבערקעלנער**

יאָ, מײַן הערר. ער האָט געזאָגט: אַ שיינער פאָלקס־מיניסטער. ניין — אַ פײַנער פאָלקס־מיניסטער, האָט ער געזאָגט.

**אויספאָרש־ריכטער**

טאָמאַס, האָט איר דאָס געזאָגט?

**קאַרל טאָמאַס**

יאָ, אָבער געשאָסן האָב איך נישט.

**אויספאָרש־ריכטער**

פרוי מעלער.

*פרוי מעלער אַרײַן*

**אויספאָרש־ריכטער**

איר קענט דעם באַשולדיקטן?

**פרוי מעלער**

יאָ, ער איז מײַן פרײַנד.



**אויספאָרש־ריכטער**

אַזוי, אייער פרײַנד. האלט איר זיך פאַר זײַנע אַ... חברטע?

**פרוי מעלער**

יאָ.

**אויספאָרש־ריכטער**

איר האָט דעם באַשולדיקטן פאָרגעלייגט פאַרן אויבער־קעלנער פון גראַנד האָטעל?

**פרוי מעלער**

יאָ.

**אויספאָרש־ריכטער**

דער באַשולדיקטער זאָל צו אײַך אַזוי האָבן געזאָגט: „איר שלאָפט אַלע! איינער מוז וואַגן. דאַן וועט איר זיך אויפכאַפּן". אמת?

**פרוי מעלער**

ניין.

**אויספאָרש־ריכטער**

באַדענקט זיך, עדותטע. איר שטייט אונטערן חשד פון מיטהילף. איר האָט דעם באַשולדיקטן געשאַפן אַ שטעלע אין גראַנד האָטעל. די אויספאָרשונגס־מאַכט האַלט, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ פיקציע. דער באַשולדיקטער האָט געזאָלט קריגן אַ געלעגנהייט צו זײַן נאָענט צום מיניסטער.

**פרוי מעלער**

אויב איר ווייסט דאָס אַלץ אַזוי וואויל, איז אַרעסטירט מיך.

**אויספאָרש־ריכטער**

איך פרעג אײַך צום לעצטן מאָל: האָט דער אָנגעקלאָגטער געזאָגט, אַז איינער מוז פאַלן?

**פרוי מעלער**

ניין.

אויספארש-ריכטער

דער פיקאלא.

פיקאלא אריין

אויספארש-ריכטער

קענט איר דעם באשולדיקטן?

פיקאלא

ביטע זייער, יא. באלד, אזוי ווי ער האט געזאלט ארייַנ- טראגן די טעלער, האט ער צעבראכן איינעם און מיך געבעטן, כ'זאל באהאלטן די שערבלעך, אז קיינער זאל עס נישט געפינען.

אויספארש-ריכטער

דאס איז זייער אינטערעסאנט. האט איר אזוי געטון?

קארל טאמאס

יא.

אויספארש-ריכטער

דאסווארפט אויף אייער כאראקטער א ספעציפיש ליכט... פיקאלא, ..יט גוט אכטונג. האם איר געהערט, ווי דער באשולדיקטער האט געזאגט: „איר שלאפט אלע! איינער מוז וואכן. דאן וועט איר זיך אויפכאפן"?

פיקאלא

ביטע זייער, יא. און דערביי האט ער אזוי געשטארצט מיט די אויגן און געביילט די פויסטן, און אזוי בלוט- דורשטיק געקוקט — אזעלכע פנימער האב איך נאר גע- זען אין קינא. כ'האב מיך געשראקן.

אויספארש-ריכטער

וואו זענט איר דאן געווען?

פיקאלא

איך... איך...

אויספארש-ריכטער

אי.. מוזט זאגן דעם ריינעם אמת.

פיקאלא הייבט אן צו וויינען, ווענדט זיך אפ פון אויספארש-ריכטער צום קעלנער הערר אויבער. איך ויעל עס שוין מער נישט טון, איך



האב דאך אייך ג..זאגט, אז איך וויל ארויסגיין, און איך בין גארנישט ארויסגעגאנגען. איך בין געווען אזוי מיד, איך האב זיך געלייגט אונטערן טיש און האב געוואלט אביסל שלאפן... הערר אויבער, כ'בעט אייך, זאג עס נישט דעם שעף!

אויספארש-ריכטער לאכט

ס'וועט נישט זיין אזוי שלעכט... טאמאס, וואס זאגט איר דערצו?

קארל טאמאס

אז איך באקום וואס אמאל מערער דעם איינדרוק, אז איך געפין זיך אין א משוגעים-הויז

אויספארש-ריכטער

אזוי, אין א משוגעים-הויז. די עדות קאנען גיין. פרוי מעלער, איר זענט פארלייפיק ארעסטירט. פירט זי אפ.

עדות אפ

אויספארש-ריכטער

די ארעסטירטע עווא בערג.

עווא בערג אריין

אויספארש-ריכטער

איר הייסט עווא בערג?

עווא בערג

גוט מארגן, קארל... יא.

אויספארש-ריכטער

איר טארט מיטן באשולדיקטן נישט רעדן.

עווא בערג

די האנט קאן איך אים נישט געבן, אפריער וואלט איר אים געדארפט אראפנעמען די קייטן. פארוואס האט איר אים געשמידט? איר מיינט, אז ער'ט אוועקפליען? דרויסן שטייט א טוץ וועכטער. אדער האט איר מורא פאר אים? איר זעט נישט אויס צו זיין זייער העלדיש. אדער אפשר

ווילט איר אים נאָר אַנטמוטיקן ? זענט איר זיך שטאַרק טועה.
אמת, קאַרל ?

אויספאָרש־ריכטער

אויב איר וועט נישט ענדערן אייער טאָן, וועל איך גלייך הייסן אייך אַוועקפירן.

עוואַ בערג

איך צווייפל גאָרנישט, אַז אויף דעם האָט איר געגוג מוט... איך דערוואַרט פון אייך, אַז איר זאָלט מיך פריילאָזן.

אויספאָרש־ריכטער

דערצו האָט מיך דאָס געזעץ נישט באַפולמעכטיקט.

עוואַ בערג

וואו עס לוינט אייך, באַהאַלט איר זיך הינטערן געזעץ. וואָכנלאַנג שטעק איך שוין אין אַרעסט. איך האָב גאָר געטון דאָס, וואָס די קאָנסטיטוציע דערלויבט יעדן. די עפנטלעכע ועכט זענען עפנטלעכע התחייבותן. איר וואָלט גלייכער געדאַרפט לייגן אייער ריכטער־אַמט, איידער צו־לאָזן, אַז דאָס געזעץ זאָל פאַרשוועכט ווערן.

אויספאָרש־ריכטער

איך האָב אייך צו שטעלן צוויי פראַגן: וואוינט דער באַשולדיקטער ביי אייך ?

עוואַ בערג

יאָ.

אויספאָרש־ריכטער

זענט איר מיט אים געווען אין שטראָפבאַרע באַציונגען ?

עוואַ בערג

וואָס פאַר אַ לעכערלעכע פראַגע ! שטאַמט איר פון פופצעטן יאָרהונדערט ?

אויספאָרש־ריכטער

איך וויל וויסן, צי איר זענט געווען מיטן באַשולדיקטן אין געשלעכטלעכע באַציונגען.



עוואַ בערג

אפשר קאָנט איר מיר דערקלערן, ווי אַזוי זעט אויס אַן אומגעשלעכטלעך צוזאַמענזיין ?

אויספאָרש־ריכטער

איר שטאַמט פון אַן אָנשטענדיקער משפחה... אייער פאָטער וואָלט...

עוואַ בערג

מיין משפחה גייט אייך קנאַפ וואָס אָן. און אייער פראַגע האַלט איך פאַר אַזוי אומאָנשטענדיק, אַז איך שעם זיך אויף איר צו ענטפערן.

אויספאָרש־ריכטער

אַלזאָ, אויף דער צווייטער פראַגע זאָגט איר זיך אָפּ צו ענטפערן... צי האָט דער באַשולדיקטער, ווען ער האָט געוואוינט ביי אייך, ארויסגעזאָגט דעם געדאַנק צו דער־הרגענען דעם מיניסטער קילמאַן ?

עוואַ בערג

דאַכט זיך, אַז מיר קענען זיך פון פריער, הערר אויס־פאָרש־ריכטער... דערלויבט זיך צו דערמאַנען... צי וואָלט איר אַ קלוב־חבר, וואָס פאַרראַט זיינע חברים, נישט גע־האַלטן פאַרן גרעסטן מנוול ? איז דעריבער אויך אייער דריטע פראַגע נישט אָנשטענדיק, אויב איר גלייבט אין דער ווירקזאַמקייט פון אונזער שמועס. אָבער איך שווער, ביי יענער ערע, וועגן וועלכער איר האָט אַ קנאַפע פאָר־שטעלונג, אַז קאַרל טאָמאַס האָט נישט אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק צו דערהרגענען קילמאַנען.

אויספאָרש־ריכטער

אַ דאַנק. אָפּפירן.

עוואַ בערג

זיי געזונט, קאַרל. לאָז זיך נישט צעברעכן

קאַרל טאָמאַס

איך האָב דיך ליב, עוואַ.

עטאַ בערג

אויך אין דער שעה טאָר איך דיך נישט ...נאַרן.

*עטאַ בערג ווערט אַפּגעפירט*

אויספאָרש-ריכטער

איך בין פון אייערע אַקטן געוואויר געוואָרן, אַז איר זענט אַכט יאָר געווען אין משוגעים-הויז. צוליב פעסטשטעלן אייער גייסטיקן צושטאַנד ווערט איר איבערגעגעבן אין דער פסיכיאַטרישער אָפּטיילונג.

*טונקל*

## ...רטע סצענע

*די פאַסאַד ווערט פאַרוואַנדלט אין פאַסאַד פון משוגעים-הויז אפן*

*באַטראַכט-צימער*

פּראָפעסאָר לידין

דער פּראָקוראָר האָט מיר אייך איבערגעגעבן אויף אַ פּסי-כיאַטרישער אונטערזוכונג... שטייט גלייך. פּולס נאָרמאַל. עפנט דאָס העמד. טיף עטעמען. בלייבט שטיין. דאָס האַרץ געזונט... זאָגט מיר אויפריכטיק, פאַרוואָס האָט איר דאָס געטון?

קאַרל טאָמאַס

איך האָב נישט געשאָסן.

פּראָפעסאָר לידין

די פּאָליציי האָט אייך תחילת געהאַלטן פאַר איינעם, וואָס האָט צוליב נאַציאָנאַליסטישע טעמים געשאָסן אויפן מי-ניסטער. זי האָט געמיינט, אַז אַ געוויסער פּיקעל איז געווען אייער חבר. די אויספאָרשונגס-מאַכט איז אָבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אָט די מיינונג איז פאַלש. זי האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז איר געהערט צו אַ לינק-ראַדיקאַלער, טעראָריסטישער ...רגאַני-



זאַציע... אייערע חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן... אין האַלט אַלנפאַלס... געטרויט מיר ערלעך, מיך אינטערעסירן נאָר אייערע מאָטיוון.

קאַרל טאָמאַס

איך קאָן זיך נישט מודה זיין, ווען איך בין נישט דער-וואָס האָט געשאָסן.

פּראָפעסאָר לידין

איר האָט געוואָלט נקמה נעמען, אמת? איר האָט מסתמא געהאָפט, אַז דער מיניסטער וועט אייך געבן אַ הויכן פּאָסטן. איר האָט געזען, אַז די העררן חברים, אַז זיי זיצן אויבן, קאָכן נאָר זייער אייגענע יויך. איר האָט זיך געפילט אַנטוישט, אָפּגענאַרט? די וועלט זעט אַנדערש אויס, ווי איר האָט זי זיך אויסגעמאָלט אין אייער קאָפּ?

קאַרל טאָמאַס

איך דאַרף נישט קיין פּסיכיאַטער.

פּראָפעסאָר לידין

איר פילט זיך געזונט?

קאַרל טאָמאַס

פולקום.

פּראָפעסאָר לידין

הם. אָט דער געדאַנק באַהערשט אייך תמיד? איך דער-מאָן מיך, אַז אייער מוטער האָט אויך געליטן אויפן זעלביקן קאָמפּלעקס.

*קאַרל טאָמאַס לאַכט*

פּראָפעסאָר לידען

לאַכט נישט. פולקום געזונט איז קיינער נישט.

*קורצע פּויזע*

קאַרל טאָמאַס

הערר פּראָפעסאָר.

פּראָפעסאָר לידין

ווילט איר מיר אַצינד דערציילן, פאַרוואָס איר האָט געשאָסן? פאַרשטייט — נאָר דער פאַרוואָס אינטערעסירט

מיך. די טאַט אַרט מיך נישט. מעשים זענען מינדערווערטיק. נאָר די מאָטיוון זענען וויכטיק.

**קארל טאָמאַס**

איך וויל אייך דערציילן אַלצדינג געַנוי, הערר פּראָפעסאָר. איך ווייס שוין גאָרנישט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט... זאָל איך אייך דערציילן, הערר פּראָפעסאָר?...

**פּראָפעסאָר לידין**

הייבט אָן.

**קארל טאָמאַס**

איך מוז זיך דערמאַנען. אַז די טיר ד״האָט זיך הינטער מיר פאַרמאַכט, און אַז זי האָט זיך ווידער געעפנט, זענען אַריבער אַכט יאָר. אַ יאָרהונדערט. איך בין פריער פון אַלעמען געגאַנגען, אַזוי ווי איר האָט מיר געראָטן, צו ווילהעלם קילמאַן. געווען פאַרמישפּט צום טויט אַזוי ווי איך און איך האָב אים דערזען, ווי אַ מיניסטער. אין איי. חברה מיט די שונאים פון פריער.

**פּראָפעסאָר לידין**

נאָרמאַל. ער איז געווען קליגער פון אייך.

**קארל טאָמאַס**

איך בין געקומען צו מיינע בעסטע חברים. אַ מענטש וואָס האָט איינער אַליין מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט אָפּגעשטויסן אַ גאַנצע קאָמפּאַניע ווייסע. און מיין אויער האָט דערהערט: „מען מוז קאָנען וואַרטן“.

**פּראָפעסאָר לידין**

נאָרמאַל.

**קארל טאָמאַס**

און ער האָט נאָך דערביי געשוואוירן, אַז ער איז געבליבן געטריי דער רעוואָלוציע.

**פּראָפעסאָר לידין**

אומנאָרמאַל. אָבער נישט אייער קראַנקייט. מען דאַרף אים באַטראַכטן. מסתמא לייכטע dementia praecoxi אין קאַטאַטאָנישער פאָרם.



**קארל טאָמאַס**

איך בין געווען אַ קעלנער. אַ גאַנצן אָוונט. ס׳האָט געשטונקען פון שווינדל. די קעלנער האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז אין אָרדענונג און האָבן זיך נאָך מיט דעם געגרייסט.

**פּראָפעסאָר לידין**

נאָרמאַל. די געשעפטן בליען אויפסניי. יעדער פאַרדינט, אויף זיין שטייגער.

**קארל טאָמאַס**

דאָס הייסט ביי אייך נאָרמאַל! אין האָטעל האָב איך געטראָפן אַ באַנקיר, וואָס מען זאָגט, אַז ער שלעפט געלט ווי היי... וואָס האָט ער דערפון? אפילו דעם בויך קאָן ער זיך נישט אָנשטאָפּן מיט נאַשוואַרג. ווען אַנדערע פרעסן פאַזאַנען, מוז ער זופן בריי, ווייל דער מאָגן טוט אים וויי. טאָג און נאַכט שפּעקולירט ער. צו וואָס? צו וואַס?

הינטער דער פאַסאַד לייכט אויף דאָס באַזונדערצימער אין האָטעל

**באַנקיר** אין טעלעפאָן

האַלאָ! האַלאָ! בערזע? אַלץ פאַרקויפן! פאַרבן און קאַלי און רערן... דער אַטענטאַט אויף קילמאַן... כעמישע פאַבריק שוין ווידער געפאַלן אויף הונדערט פּראָצענט... וואָס?.. סטאַציע!.. פריילין, פאַרוואָס שטערט איר מיר?.. איך וועל אייך מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך... רואיגירט, צוליב אַ טעלעפאָן-שטערונג... אָ, גאָט אין הימל!

**פּראָפעסאָר לידין**

צו וואָס? ווייל ער איז אַ טיכטיקער מענטש. ווייל ער וויל עפּעס שאַפן. ליבער פריינד, דער באַנקיר, וואָס איר האָט געזען — זיין פאַרמעגן אויף מיר געזאָגט — איז געווען נאָרמאַל.

**באַנקיר** כאָרכלט אין האָטעל-צימער

נאָרמאַל... נאָרמאַל...

האָטעל-צימער טונקל

קאַרל טאָמאַס

און דער הויזדינער אין גראַנד האָטעל? צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער זיך געשפּאָרט אַ צענערמאַרק. צוועלף יאָר! דערנאָך איז געקומען די אינפלאַציע, מ'האָט אים אויסגעצאָלט זעקס הונדערט מיליאָן, און ער האָט זיך פאַרן אָפּגעשפּאָרטן געלט נישט געקאָנט קויפן קיין גאַנץ שעכטל שוועבעלעך. אָבער אים האָט מען נישט געהיילט, ער האָט אָט דעם שווינדל געהאַלטן פאַר נאָרמאַל. היינט שפּאָרט ער זיך אָפּ דעם ביסן פון מויל און לייגט אריין אין געוועטן זיינע לעצטע פאָר גראָשן. איז דאָס נאָרמאַל?

הינטער דער פּאַסאַד לייכט אויף זאַס דינערשאַפט-צימער אין גראַנד האָטעל

הויזדינער

ווער האָט געוואונען אויף די פאַריזער פערד-געיעגן? גאַלאַטייע... שווינדל! שווינדל! איך האָב מיין גאַנץ געלט געשטעלט אויף אידעאַליסט, און אָט איז דער פאַרשאָלטענער זשאָקיי אַראָפּגעפאַלן! איך וויל צוריק מיין געלט! אַנישט...

פּראָפעסאָר לידין

ווער עס ריזיקירט נישט, דער געווינט נישט. דער הויז-דינער אין גראַנד האָטעל — איך האָב דאָרט אַמאָל גע-וואוינט — איז אַבסאָלוט נאָרמאַל.

הויזדינער אין האָטעל צימער, נאָכדעם, ווי ער שטעכט זיך מיט אַ מעסער, כאָרכלט

נאָרמאַל... נאָרמאַל...

האָטעל-צימער

טונקל

קאַרל טאָמאַס

אפשר האַלט איר אויך פאַר נאָרמאַל אַ וועלט, וואו ס'איז מעגלעך, אַז די וויכטיקסטע דערפינדונגען, וואָס וואָלטן פאַר מענטשן געקאָנט לייכטער מאַכן דאָס לעבן, זאָלן פאַרטיליקט ווערן בלויז דערפאַר, וואָס געוויסע מענטשן האָבן מורא, אַז זיי וועלן שוין נישט מער פאַר-דינען?

הינטער דער פּאַסאַד לייכט אויף די ראַדיאָ-סטאַציע אין האָטעל



טעלעגראַפיסט

האַלאָ! האַלאָ! אַלע ראַדיאָ-סטאַציעס פון דער וועלט! ווער קויפט מיין דערפינדונג? איך וויל נישט קיין געלט. אַלעמען וועט העלפן מיין דערפינדונג, אַלעמען! מען שווייגט... קיינער ענטפערט נישט.

פּראָפעסאָר לידין

וואָס איז דען דאָ נישט נאָרמאַל? דאָס לעבן איז נישט קיין לאַנקע, אויף וועלכער די מענטשן טאַנצן אין אַ ראָד און בלאָזן שלום-נעזאַנגען. דאָס לעבן איז קאַמף. ווער עס האָט די שטאַרקסטע פויסטן, דער געווינט דעם קאַמף. דאָס איז פולשטענדיק נאָרמאַל.

טעלעגראַפיסט אין האָטעל צימער, נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט אַ קורצשלוס, קריצט מיט די ציין

נאָרמאַל...

אַלע צימערן אין האָטעל לייכטן אויף

כאָר פון משוגעים זיצן אויף די קני, קוקן אַראָפּ אין באַטראַכט-צימער, שאָקלען מיט די קעפּ, קריצן מיט די ציין

נאָרמאַל!.. נאָרמאַל!..

אויפרייס אין האָטעל

טונקל

קאַרל טאָמאַס

ווי אַזוי האָב איך געקאָנט לענגער איבערטראָגן אָט די וועלט! איך האָב זיך געשאַפן אַ פּלאַן, ווי אַזוי אויפצו-וועקן די מענטשהייט פון שלאָף. איך האָב געוואָלט דער-שיסן דעם מיניסטער. אין דערזעלבער רגע האָט געשאָסן אַן אַנדערער.

פּראָפעסאָר לידין

הם.

קאַרל טאָמאַס

איך האָב נאָכגעשריגן דעם שיסער. געמיינט, אַז ער איז אַ חבר. געוואָלט אים העלפן. ער האָט מיך צוריקגע-שטויסן. איך האָב געזען זיינע פאַרביסענע ליפּן. ווייל

דער מיניסטער איז געווען אַ באָלשעוויק, אַ רעוואָלוציאָנער — אַזוי האָט ער צו מיר געשריגן.

פּראָפעסאָר לידין

נאָרמאַל. עס וואָלט געקאָנט גאַנץ גריילעך זיין, ווען אַט דער אומבאַקאַנטער וואָלט עקזיסטירט.

קאַרל טאָמאַס

דאַן האָב איך געשאָסן אויפן מערדער פון דעם, וואָס איך האָב אליין געוואָלט דערהרגענען.

פּראָפעסאָר לידין

הם.

קאַרל טאָמאַס

יעצט האָט זיך דער נעבל צעריסן. אפשר איז די וועלט גאָרנישט משוגע. אפשר בין איך משוגע... אפשר בין איך משוגע... אפשר איז אַלץ נאָר געווען אַ קאָשמאַר...

פּראָפעסאָר לידין

וואָס ווילט איר? די וועלט איז נאָר אַזוי... נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו די מאָטיוון. האָט איר געוואָלט מיט אָט דעם שאָס זיך אָפּשאָקלען פון אייער פאַרגאַנגנהייט?

קאַרל טאָמאַס

משוגענער! משוגענער!

פּראָפעסאָר לידין

שפּילט נישט קיין קאָמעדיע. אַן אַלטן פּסיכיאַטער איז נישט אַזוי לייכט צו באַאיינפלוסן.

קאַרל טאָמאַס

אָדער אפשר איז שוין היינט נישטאָ קיין גרענעץ צווישן וועלט און משוגעים-הויז? יאָ, יאָ... אמת... די זעלבע מענטשן, וואָס ווערן דאָ געהיטן אין משוגעים-הויז, גייען אָן אין דרויסן אַלס נאָרמאַלע און טרעטן די אַנדערע.

פּראָפעסאָר לידין

אַזוי...



קאַרל טאָמאַס

און איר? פּרוּווט נאָר זאָגן, אַז איר זענט אויך נאָרמאַל? איר זענט אַ משוגענער פון די משוגעים.

פּראָפעסאָר לידין

אַצינד לאָזט אָפּ מיט אייערע פראַזן!.. אַנישט וועל איך הייסן אייך אַריינפירן אין דער באַזונדערקאַמער. איר ווילט זיך, ווייזט אויס, אָנכאַפּן אָן די פּאַראַגראַפן פאַר גייסטיק-קראַנקע?

קאַרל טאָמאַס

איר אַלע מיינט, אַז איר לעבט? איר רעדט זיך נאָר איין, אַז די וועלט וועט תמיד בלייבן, ווי אַצינד!

פּראָפעסאָר לידין

אַ־זאָ, איר זענט געבליבן דערזעלביקער, וואָס אַמאָל... איר ווילט נאָך אַלץ ענדערן די וועלט, אונטערלייגן אַ פייער, יאָ? ווען די נאַטור וואָלט נישט געוואָלט, אַז עטלעכע מענטשן זאָלן עסן אַביסל ווייניקער, וואָלט איניגאַנצן נישט געווען קיין אָרעמקייט. ווער עס שאַפט עפּעס וויכטיקס, דער הונגערט נישט.

קאַרל טאָמאַס

ווער עס הונגערט, דאַרף נישט קיין עסן.

פּראָפעסאָר לידין

מיט אייערע אידייען וואָלטן די מענטשן געוואָרן פאַרזיטן און ליידיק-גייצר.

קאַרל טאָמאַס

און איר זענט מיט אייערע אידייען גליקלעך?

פּראָפעסאָר לידין

גליקלעך? איר ליידט אויף דער איבערשאַצונג פון אייער אידייע. אַנטצינדונג פון מוח. פּאָביע. דער גליק-באַגריף זיצט אין אייער קאָפּ, ווי אַ מיסטקעסטל. איך וואָלט אייך געראָטן זיך צו היטן. איר וואָלט מסתמא געשריבן לירישע געדיכטן פון גאַנצער נשמה, ליב געהאַט בלויע

בלימלעך, שיינע מיידלעך... אָדער איר וואָלט געוואָרן
אַן אומשעדלעכער סעקטאַנט מיט לייכטער paraphrenia
phantastica. אָבער איר ווילט באַגליקן די וועלט.

קאַרל טאָמאַס

איך פייף אויף אייער נשמה.

פּראָפעסאָר לידין

איר מינירט אונטער יעדע געזעלשאַפט. יעדע! וואָס ווילט איר? דאָס לעבן אומוואָרפן אין די יסודות. דעם הימל אַראָפּברענגען אויף דער ערד, דאָס אַבסאָלוטע, יאָ? משוגעת! ווי שעדלעכער סם ווירקט איר אויף די, וואָס זענען שוואַך אין גייסט, אויף דער מאַסע!

קאַרל טאָמאַס

וואָס ווייסט איר וועגן דער מאַסע?

פּראָפעסאָר לידין

מיין מוסטערקאָלעקציע עפנט אפילו דעם בלינדסטן די אויגן. מאַסע — אַ סטאַדע חזירים. שלעפּן זיך צום מולטער, ווען ס'איז דאָ צו פרעסן. שמירט זיך אויס אין צואה, ווען ס'האָט זיך אָנגעשטאָפּט דעם בויך. און דאָ קומען נאָך צו אין יעדן יאָרהונדערט פּסיכאָפּאַטן, וואָס זאָגן צו אָט דער סטאַדע דעם גן-עדן. די פּאָליציי וואָלט אַזעלכע לייט געדאַרפט איבערגעבן אונז, פּסיכיאַטערן, איידער צוצוזען, ווי זיי ווירקן אויף דער מענטשהייט.

קאַרל טאָמאַס

אומשעדלעך זענט איר נישט.

פּראָפעסאָר לידין

עס איז אונזער שליחות — צו באַשיצן די געזעלשאַפט פאַר געפערלעכע פאַרברעכער. איר זענט דער בלוט-שונא פון יעדער ציוויליזאַציע. דאָס כאַאָס! איך מוז מען אומשעדלעך מאַכן, אויסרייניקן, אָפּשיידן!

קאַרל טאָמאַס

וועכטער! וועכטער!

וועכטער אַריין



קאַרל טאָמאַס

זעצט אַריין אָט דער משוגענעם אין באַזונדערקאַמער.

פּראָפעסאָר לידין גיט די וועכטער א סימן. די וועכטער כאַפּן אן קאַרל טאָמאַס

פּראָפעסאָר לידין

מאָרגן ווערט איר צוריקגעפירט אין תפיסה.

פאָרהאַנג

# פינפטער אקט

## ערשטע סצענע

תפיסה

איין ווײַלע ווערן באלויכטן אלע קאמערן

טונקל

ס'לייכט אויף

קאמער פון אלבערט קראל

**אלבערט קראָל** קלאַפּט צו דער שכנותדיקער קאמער

וועד איז דאָרט?

לייכט אויף

קאמער פון עווא בערג

**עווא בערג** קלאַפּט

עווא בערג.

**אלבערט קראָל** קלאַפּט

דו אויך?..

**עווא בערג** קלאַפּט

היינט אינדערפרי.

**אלבערט קראָל** קלאַפּט

און די אַנדערע?

**עווא בערג** קלאַפּט

אַלע אַרעסטירט. פאַרוואָס האָט צס קאַרל געטון?



**אלבערט קראל** קלאַפּט

ער זאָגט דאָך ניין. וואו איז קאַרל?

**עווא בערג** קלאַפּט

אפשר ווייסט מוטער מעלע.

**אלבערט קראָל** קלאַפּט

מוטער מעלער? זי איז אויך דאָ?

**עווא בערג** קלאַפּט

יאָ. איבער מיר. וואַרט, איך וועל אָנקלאַפּן.

גערויש ביי אלבערט קראלס טיר

**אלבערט קראָל**

אויפמערקזאַם! עמעצער קומט.

טיר פון אלבערט קראל פראלט-אויף

אריין אויפזעער ראנד

**ראַנד**

די זופּ... מאַכט עס גיך. היינט איז זונטיק.

**אלבערט קראָל**

דאָס זענט איר?

**ראַנד**

יאָ, איך בין ווידער תפיסה-באַאַמטער. מען פילט כאָטש עפּעס אינטער די פיס... נו, אָט האָב איך אייך ווידער אַלע צוזאַמען. אחוץ קילמאַנען. היינט הילן זיי אָפּ זיין דענקמאָל.

**אלבערט קראָל**

אַזוי.

**ראַנד**

קילמאַן איז געווען דער איינציקער צווישן אייך, וואָס האָט זיך געטויגט — דאָס וועט איר דאָך מודה זיין. דאָס האָב איך תמיד געזאָגט.

**אלבערט קראָל** עסט

חזיר-פרעס.

**ראַנד**

שמעקט אייך נישט די זופּ? פלייש וועט זיין אויף יום-טוב. ביז דעמאָלט מוזט איר האָבן געדולד.

1

אַלבערט קראַל

זאָגט איר, אַז קאַרל טאָמאַס איז אויך דאָ?

ראַנד

זינט נעכטן אָוונט... וואָס פאַר אַ לעבן ער האָט דאָס הינטער זיך...

אויפזועער ראנד ארויס

אַלבערט קראָל קלאפט

אַצ'נד, עווא.

עוואַ בערג קלאפט

וואו איז קאַרל

אומעטום קלאַפּן

וואו איז קאַרל?

די קאמערן טונקל

לייכט אויף

קאמער פון קארל טאמאס

קאַרל טאָמאַס

ווידער וואַרטן... וואַרטן... וואַרטן...

לייכט אויף

קאמער פון פרוי מעלער

פרוי מעלער קלאפט

וואו איז קאַרל?

קאַרל טאָמאַס קלאפט

דאָ... ווער ביסטו?

פרוי מעלער קלאפט

מוטער מעלער.

קאַרל טאָמאַס

וואָס? די אַלטע מוטער מעלער? קלאפט ווער נאָך איז דאָ?

פרוי מעלער

מיר אַלע... עוואַ... אַלבערט... און די אַנדערע... צוליב דעם אַטענטאַט... מיר זענען ביי דיר, ליבער יונג..

קאַרל טאָמאַס קלאפט

געדענקסטו נאָך, מיט אַכט יאָר צוריק?



פרוי מעלער קלאפט

איך פארשטיי נישט, וואָס דו האָסט געטון... אָבער איך בין מיט דיר...

קאמער פון פרוי מעלער טונקל

קאַרל טאָמאַס קלאפט

הער אויס!..

לייכט אויף

קאמער פון ארעסטאנט N

אַרעסטאַנט N קלאפט

נישט אַזוי הויך... געדענק, ס'איז דאָך פאַרווערט.. שאַטט דאָך אונז...

קאַרל טאָמאַס קלאפט

ווער ביסטו?

אַרעסטאַנט N קלאפט

אויב דו וועסט אַזוי ווייטער קלאַפּן, פאַרלירן מיר יעדע האָפענונג... איך וועל מער נישט ענטפערן...

קאמער פון ארעסטאנט N טונקל

קאַרל טאָמאַס

אַך, דו ביסט עס... דו ביסט אויך ווידער דאָ?.. איך האָב דאָך געמיינט, אַז ביסט טויט? אַלע זענט איר ווידער דאָ?.. אַלע ווידער דאָ?.. אַזוי?.. דער טאַנץ הייבט זיך אָן פון דאָס ניי? ווידער וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן... איך קאָן נישט... איר זעט דען נישט?.. וואָס טוט איר?.. שטעלט זיך אַנטקעגן!.. קיינער הערט נישט, קיינער הערט נישט, קיינער... מיר רעדן און הערן זיך אַליין נישט... מיר האַסן און זעען זיך נישט אַליין... מיר ליבן און קענען זיך נישט... מיר דערהרגענען און פילן זיך נישט... מוז עס אַזוי אייביק, אייביק זיין?.. דו, וועל איך דיך נישט פאַרשטיין?.. דו, וועסטו מיך נישט פאַרשטיין?.. ניין! ניין! ניין!.. פאַרוואָס האָט איר חרוב געמאַכט די וועלט, פאַרברענט, פאַרגעסן?.. אַלץ פאַרגעסן?.. אַלץ אומזיסט?.. טאָ דרייט אייך ווייטער אין דער קאַרוזעלע, טאַנצט,

לאַכט, יווינט, האָט חתונה – מזל-טוב! איך גיי אַוועק...
אָ, משוגעת פון דער וועלט!..
וואוהין? וואוהין? נענטער און נענטער רוקן זיך צו-נויף די שטיינערנע ווענט... מיר איז קאַלט... און עס איז פינסטער... און דאָס אייז פון דער פינסטערניש קלעמערט מיך אומברחמנותדיק... וואוהין?.. וואוהין?.. אויף דעם העכסטן באַרג... אויף דעם העכסטן בוים... רוישיקן שטראָם...

קארל טאמאס מאכט פונם ליילעך א שטריק, שטעלט זיך ארויף אויפן בענקל בינדט צו דעם שטריק צו דעם האק איבער דער טיר

טונקל

## ווייטע סצענע

א גרופע פאר א פארהילטן דענקמאל

**נראף לאנדע**

...און אָט גיב איך איבער דעם פאָ־ק... דעם דענקמאָל פון אָט דעם פאַ־דינטן בירגער... וואָס האָט אין שווערער צייט...

טונקל

## דריטע סצענע

תפיסה

לייכט אויף

קאמער פון אלבערט קראל. גערויש. טיר פראלט אויף אויפזעער ראנד אריין

**ראנד**

אַזוי ווי איר זענט אַמאָל צו מיר גוט געווען, וועל אַ ן אייך עפעס דערציילן.



**אַלבערט קראָל**

איר באַדאַרפט עס נישט טון.

**ראַנד**

מ'ר זענען נישט אַזעלכע מענטשן. נאָר-וואָס איז טעלע-פאָנירט געוואָרן פון יוסטיץ-מיניסטעריום, אַז טאָמאַס איז נישט דער אמתדיקער מערדער. דעם אמתדיקן האָבן זיי געכאַפּט אין דער שווייץ. אַ סטודענט. אַזוי ווי מ'האָט אים געזאָלט אַרעסטירן, האָט ער זיך דערשאָסן.

**אַלבערט קראָל**

מיר'ן גלייך באַפרייט ווערן?

**ראַנד**

היינט נישט. היינט איז זונטיק... איך גראַטוליר אייך, הער קראָל.

ראנד ארויס

**אַלבערט קראָל** קלאפט

עוואַ! עוואַ!

לייכט אויף

קאמער פון עווא בערג

**עוואַ בערג** קלאפט

יאָ.

**אַלבערט קראָל** קלאפט

מיר ווערן באַפרייט! ראַנד האָט דערציילט. דער אמת־דיקער מערדער איז אַנטדעקט געוואָרן.

**עוואַ בערג**

קינדער!.. קלאפט אין דער אנדערער קאמער-וואנט מוטער מעלער!

לייכט אויף

קאמער פון פרוי מעלער

**פרוי מעלער** קלאפט

יאָ.

**עוואַ בערג** קלאפט

מיר ווערן אַלע באַפרייט. קאַרל האָט נישט געשאָסן. זיי האָבן דעם מערדער.

פ ר ו י  מ ע ל ע ר  קלאפּט אין דער אנדערער וואנט דו, קאַרל!.. דו!..
דו!.. דו!..  קלאפּט אין דער פאַדלאגע עווא, קאַרל רופט זיך
ניט אָפּ.

ע ו ו אַ ב ע ר ג  קלאַפּט
קלאַפּ שטאַרקער.

פ ר ו י  מ ע ל ע ר  קלאפּט
קאַרל! קאַרל! קאַרל!

ע ו ו אַ ב ע ר ג  קלאפּט
אַלבערט, קאַרל רופט זיך נישט אָפּ.

אַ ל ב ע ר ט  ק ר אָ ל  קלאפּט
לאָמיר אַלע קלאַפּן. אַצינד איז שוין אַלץ איינס.

קלאַפּן

אלע ארעסטאנטן קלאַפּן אויך

ש ט י ל

מען קלאפּט אין דער גאנצער תפיסה

ש ט י ל

ע ו ו אַ ב ע ר ג
ער רופט זיך נישט אָפּ...

אין די קארידארן לויפן אויפזעער

די קאמערן ווערן טונקל

די תפיסה ווערט טונקל

ד י  ב י נ ע  פ א ר מ א כ ט  ז י ך

ס׳גרייט זיך צום דרוק:

קאַרל שרעדער: אַקציענגעזעלשאַפט האַמערלונג
ג. טיסאַנדיע: מאַרטירער פאַר דער וויסנשאפט
ר. פילעפ־מילער: לענין און גאַנדי

אוואנגאַרד / וואַרשע